פרייז 5 סענט.

Vol. 1. No. 6. The Jewish Ladies Home Journal September 1913.

# די פרויען וועלט

א מאנאטשריפט געווידמעט די אינטערעסען פון דער אידישער פרוי און דער אידישער היים.

רעדאקטירט פון א. גרייזעל





## מוטער

אין קומענדען נומער וועלען מיר
געבען א בעשרייבונג פון דיעזער בילד.

סובסקריפשאן פרייז: 50 ס. יעהרליך, 25 ס. האלב יעהרליך

THE HEBREW EDUCATIONAL PUBLISHING COMPANY, 129 LAFAYETTE ST. NEW YORK, N. Y.

# פרויען טהעטיגקייט אין פילאַדעלפיע

דאון־טאון היברו דין נוירסערי.

די פילאַדעלפיער דאון־טאון היברו דעי נוירסערי", קען זיכער גערעכענט ווערען אלס א זעהר וויכטיגער און נאָבעלער אינסטיטושאָן. אַ דאַנק דער ענערגישער טהעטיגקייט פון די דאון־טאונער אידישע פרויען, האָט די סאָסייעטי שוין דערגרייכט א מיטגליעדערשאפט פון 900.

ווי מיר האָבען שוין בעקאנט געמאַכט אין פריהערדיגע נומערן „פרויען וועלט", האָט די סאָסייעטי, דעם 1טען דזשון אויפגעעפענט איהר נוירסערי אין 2013 סויט 4טע סטריט. וואו עס איז די הארץ פון דער אידישער בעפעלקערונג.

מיט דער עריפנונג פון דער „נוירסערי", איז פיעל גוטעס געטהון געוואָרען פאר די אידישע פרויען וועלכע זיינען געצוואונגען צו געהן ארבייטען און האָבען נט געהאט קיין זיכערען פלאַץ וואו צו לאָזען זייערע קינדער. די קינדער ווערען דאָרט בעהאנדעלט אויפ'ן בעסטען אופן. זיי קריגען זייערע דריי מאָהלצייטען יעדען טאָג, און פאַרנאַכט איידער די עלטערן קומען זיי אָבנעהמען, ווערען זיי ארומגעוואַשען, אָנגעטהאָן, און צוגעקעמט.

עס איז ווירקליך א פרייד צו זעהן מיט וואָס פאַר אַ דאַנקבאַרקייט דיא עלטערען קומען און דער נוירסערי, וואו זיי זיינען זיכער דאָס זייערע קינדער ווערען מוטערליך בעהאנדעלט.

אונזער פערטרעטער האָט בעזוכט די הויז, און האָט געזעהען דאָס עס איז נאָך פאַראַנען פלאַץ פאַר צוויי מאָל אזוי פיעל קינדער, וויפיעל זיי האָבען יעצט.

די „נוירסערי" נעמט אריין קינדער אין עלטער פון 2 ביז 12 יאָהר.

עס איז די פליכט פון דער גאַנצער אידישער בעפעלקערונג אין פילאַדעלפיא צו שטיצען די סאָסייעטי, און איהר העלפען פערברייטען איהר נאָבעלע ארבייט וואָס זי האָט זיך גענומען די אויפגאבע צו טהון.

די מיטינגען פון דער סאָסייעטי ווערען אָבגעהאלטען יעדען צווייטען זונטאָג אין מאָנאט אין 2013 סויט 4טע סטריט.

ביי די זעלבע מיטינגען ווערען אָנגענומען אפליקיישאָנס אויף ארוינצונעהמען קינדער.

מיר ווינשען זיי ערפאָלג אין זייער ארבייט!

# די פרויען־וועלט

### א פרויען זשורנאל

געווידמעט דער אידישער היים און פאמיליע

New York, September, 1913. | Vol. I., No. 6. | ניו יאָרק, סעפּטעמבער, 1913.

## אינהאַלט:





## די לעצטע מאָדעס אין פרויען קליידער



קליידען זיך איז אָהן ספק א קונסט זאך.

די פרוי וועלכע קליידט זיך מיט געשמאק, מעג זי אפילו ניט זיין זעהר שעהן, וועט זי אָבער געווינען חן אין די אויגען פון אנדערע. און אז מען בעטראַכט ווי וויט ענטוויקעלט עס זיינען געוואָרען די פרויען קליידער, וועלכע האָבען זיך אָנגעפאנגען פון דעם ערשטען פייגענבלאַט וואָס אונזער מוטער חוה האָט אָנגעטאָן נאָכדעם ווי זי האָט פערזוכט פון עץ הדעת און האָט אָנגעפאנגען אביסעל צו פערשטעהן די וועלט, און האָבען זיך פערפאָלקאָמט אין די מאָדערנע פרויען מאָדעס, — דאן קען מען ערשט פערשטעהן, וואָס פאר א לאנגע וועג פון ענטוויקלונג די קליידונג קונסט האָט דורכגעמאכט.

דאָס אַלץ איז אָהן ספק אמת.

אָבער ווען מען בעטראַכט די לעצטע פרויען מאָדעס, מוז מען גיט ווילענדיג א קלער טאָן אויב די פרויען מיט זייערע אָפּ־טו־דייט מאָדעס נעהען שוין ניט אביסעל צו ווייט, אָדער אפשר געהען זיי גאָר צוריק אין דער ענטוויקלונג פון זייערע קליידער.

און ווייל די היינטיגע אידישע פרוי, איז פונקט אזוי מאָדערנע, זוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו זיין „אָפּ טו דייט", פונקט ווי די ניט אידישע; ווייל אויף גרענד סטריט קען מען, כמעט אין איין און דערזעלבער צייט ווי אין דער 5טער עוועניו, דערזעהען די נייעסטע פון די נייעסטע מאָדעס, וועלכע פאריז אָדער ניו יאָרק בריינגט ארויס, — דעריבער איז אין פלאץ אז די „פרויען וועלט" זאָל אָנווייזען איהרע לעזערינס אויף דאָס וואָס איז שעהן און דאָס וואָס איז ניט שעהן אין די פרויען קלייהער.

די פונקציאָנען פון קליידער זיינען צוויייענדיגע. ערשטענס, דארפען זיי פשוט ווארעמען דעם קערפער, זיי דארפען שטענדיג האַלטען די נויטיגע מאָס היץ אינ'ם קערפער און היטען דורכדעם די געזונדהייט פון קערפער, און צווייטענס דארפען זיי ארויסבריינגען די שעהנהייט און שלאנקהייט פון דער מענשליכער פיגור. דאָס זיינען די פונקציאָנען פון קליידונג ניט בלויז ביי פרויען, נאָר אויך ביי מענער. דער וואָס האָט א זין פאר עסטעטיק; דער וואָס פערמאָגט א שטיקעל חוש פאר דאָס אמת־שעהנע, יענער ווייס אז די מענער פיגור האָט איהרע שעהנקייטען פונקט ווי די פרויען פיגור האָט איהרע בעזונדערע שעהנקייטען.

ווייל די מענער, דורך פערשיעדענע היסטאָרישע אורזאכען, זיינען וויינינער אָבהענגיג פון זייער קערפערליכע שעהנקייט ווי פרויען, דעריבער האָט זיך ביי זיי ניט אויסגעארבייט אזא „מאָדע־קראַנקהייט", אזא שטרעבען צו פאָלקאָמענהייט אין קליידונג, ווי ביי די פרויען. דעריבער קען זיך דער מענער אנצוג האַלטען יאָהרען לאנג אין איין און דערזעלבער פאָרם.

די פרוי איז אָבער זעהר פיעל אָבהענגיג אָן איהר קערפערליכער שעהנקייט. דעריבער זוכט די פרוי וואָס ווייטער אַלץ מעהר צו בריינגען איהר קליידונג, וועלכעס שפּיעלט אזא גרויסע ראָלע אין ארויסבריינגען איהר שעהנקייט, צו פאָלקאָמענהייט. דעריבער איז פרויען מאָדעס און פרויען קליידער געוואָרען א קונסט און בעשעפטיגט אזוי פיעל מוחות.

דעריבער בעוואונדערען מענשען, וואָס האָבען א חוש צו שעהנקייט, די פערשיעדענע פרויען קליידער, וועלכע די מאָדע בריינגט ארויס. יעדער נייע פרויען קלייד, וועלכע העלפט מיט ארויסצובריינגען די שעהן־פאָרמירטע פרויען גליעדער, ווערט דעריבער מיט פרייד בעגעגענט פון אַלע יעניגע, וועלכע זיינען עסטעטיש אנגעהויכט.

די לעצטע מאָדעס אָבער, הויפּטזעכליך די אזוי אָנגערופענע „סליט־סקווירט", שיינט אונז איז אזוי אומגעלומפערט, האָט אזוי ווייניג חן און איז אזוי געגען יעדער עסטעטיק, אז עס רייסט איינפאך אויף די אויגען פון יעדען שעהן־פיהלענדען און עסטעטיש־ענטוויקעלטען מענשען.

די דאָזיגע מאָדע איז אָהן ספק א שריט צוריק אין דער ענטוויקלונג פון פרויען קליידער. זי העלפט ניט צו, ארויסצובריינגען קיין איין נייעם שטריך אין דער פרויען פיגור, זי העלפט אָבער יא צו, צו מאכען דאָס אויסזעהען פון דער פרוי, אזוי „סלאָביש" אזוי אָפּגעלאָזען; זיי זעהען איינפאך אויס ווי צוריסענע קליידער, וועלכע זיינען נאָך צוריסען אין א ניט זעהר אנגענעהמען אופן.

מיר ריידען דאָ ניט פון דעם שטאנדפונקט פון די מאָראַליסטען. כאָטש דעם אמת געזאָגט מעגען זייערע ווערטער, אין דיעזען פאַל, אויך גענומען ווערען גאנץ ערנסט. די פערשיעדענע אויסזעצונגען וואָס זיי בריינגען ארויס געגען דיעזער „סליט־סקווירט", זיינען גאנץ געזונדע און מעגען גענומען ווערען אין אנבעטראַכט. די דאָזיגע קלייד איז אָהן ספק בעצוועקט צו אויפרעגען די מענער און דאדורך ארויסרופען אין זיי די אויסגעלאַסענסטע געפיהלען. אָבער

ווען מען זאָל אפילו די מאָראַליסטען ניט ווע̇לען הערען; ווען מען וויל זיך שטעלען אויף דעם שטאַנדפונקט אַז דאָס וואָס איז שעהן איז מאָראַליש, אַז דאָס וואָס איז עסטעטיש רופט ניט ארויס קיין אויפרעגונג, אפילו פון דעם שטאַנדפונקט אַליין מוז די נייע „סליט סקוירט" פערוואָרפען ווערען.

שטעלט אנטקעגען אייך צוויי פרויען, פון זעלבען פיגור און גראַציע, טוט איינער אָן די גאָר ניט לאַנג אין דער מאָדע געוועזענע פּשוט'ע דרעס, די דרעס וועלכע האָט אַזוי גראַציעז געמאַכט דער פרוי און האָט ארויסגעבראַכט איהר טאַליע, איהר „שייפּ", ווי די גוים רופען עס, און דער צווייטער טוט אָן אין דער היינטיגער „אַפּ־טו־דייט־סליט סקוירט" מיט איהר היינגען ווי אַ זאַק, מיט איהר לעכערליכען ארויסווייזען פון דער אונטער קלייד, וועלכע רייסט אַזוי אויף די עסטעטישע אויג, און איהר וועט דאַן דערזעהען דעם גרויסען אונטערשיעד. איהר וועט דאַן זעהען אַז וועהרענד די ערשטע פרוי, וועט מיט זיך פאָרשטעלען די אמת'ע פרויען שעהנהייט, וועהרענד די פיגור פון דער ערשטער פרוי און די שעהנע שטריכען פון איהר קערפּער זיינען בולט און זי רופט ארויס בעוואונדערונג, וועט די צווייטע פערליערען איהרע פיגור־שטריכען, אייער אויג וועט צונעצויינגען ווערען צו דער אונטערשטער טייל פון קלייד, וואו די עפענונג איז געמאַכט געוואָרען און גלייך וועט אייך אַבעקלען פון דאָס ניט עסטעטישע ארויסווייזען פון דער אונטערקלייד, און אָפּטמאָל אפילו, דאָס ניט עסטעטישע אויסזעהען פון דער העכערער טייל פון דער פרויען שינד־ביין.

מיר קענען בשום אופן ניט פערשטעהן ווארום די דאָזיגע קלייד האָט געפונען חן אין די אויגען פון די פרויען. די איינציגע ערקלע־רונג וועלכע קען געגעבען ווערען אויף דעם גיט ניט צו קיין קרע־דיט, ניט דער פרוי ניט דעם מאַן.

ווייל אויב די פרוי דאַרף זיך בענוצען מיט אַזעלכע מיטלען צוצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם מאַן, און אויב דער מאַן איז אַזוי אונעסטעטיש אַז אַזעלכע מיטלען קענען איהם צוציהען, זיינען מיר נאָך גאַנץ ווייט פון צו האָבען אַ דור, וועלכער זאָל באמת פערמאָגען אַ זין פאַר שעהנקייט, אַ חוש פאַר עסטעטיק.

די דאָזיגע קלייד איז אַלזאָ אַ בעליידיגונג סיי פאַר דעם מאַן, סיי פאַר דער פרוי. און בלויז אַ קנעכטשאַפט צו דער מאָדע, קען האַלטען די דאָזיגע קלייד לאַנג אין מארק.

די מאָדערנע אידישע פרוי, וועלכע האָט נאָך פונדעסטוועגען גע'ירש'נט אביסעל צניעות פון דער אַלטער אידישער פרוי, האָט געדאַרפט זיין די ערשטע צו ערקלערען קריעג דער ניט עסטעטישער און גאָר ניט צניעות'דיגער „סליט סקוירט". עס וואָלט אונז באמת געפרעהט, ווען מיר זאָלען קענען האָבען דעם בעוואוסטזיין, אַז די אידישע פרוי האָט אין זיך גענוג מאָראַלישען און עסטעטישען כח ניט נאָכצושלעפּען זיך נאָך דער מאָדע, דאַן ווען די מאָדע בעפעהלט ארויפצושלעפען אויף זיך אַן אמת'ע פערזעהעניש.

די פרויען וועלכע בעזיצען אין זיך אביסעל אָריגינאַליטעט, טראָגען טאַקי ניט די דאָזיגע קליידער. די פרויען וועלכע פיהרען אָן דעם העלדישען קאַמפף פאַר זייער גלייכבערעכטיגונג, יענע וועלען זעלטען אָנטאָן אַזאַ קלייד. זיי זעהען איינפאַך ניט איין ווארום זיי זאָלען דאַרפען זוכען אַזעלכע מיטלען „געפעלען" צו ווערען. זיי זעהען איבערהויפּט ניט איין וואָרום זיי מוזען „געפעלען" ווערען. זיי האָבען זייער אייגענע ווירדע, זייער אייגענעם שטאָלץ און ווילען זיך ניט לאָזען פיהרען פון קיינעם, מעג עס אפילו זיין „איהר מאיעס־טעט", די מאָדע אַליין.

דאָס איז דער בעסטער בעווייז אַז די דאָזיגע מאָדע איז ניט קיין ווינשענסווערטהע. ווי באַלד אַז די שטאָלצע, זעלבסטבעוואוסטע פרוי, וועלכע קעמפּפט פאַר איהרע רעכטע האָט עס פערוואָרפען, דאַרפען עס טאָן אַלע פרויען וועלכע האָבען אַ שטיקעל אייגענעם געפיהל און אביסעל אייגענעם פערשטאַנד.

די פרוי מוז זיך בעפרייען ניט בלויז פון דער אונטערדריקונג פון דער מענער וועלט, נור אויך פון די פערשיעדענע אונטערדריקונגען, וואָס זי נעמט אויף זיך אַליין אַ דאַנק פערשיעדענע היס־טאָרישע סבות. ניט בלויז פּאָליטישע רעכט דאַרף די פרוי זוכען, נור זי מוז אויך זוכען אוועקצושטעלען איהר ווירדע אין אַלע טיי־לען פון איהר לעבען. און מיט דעם זעלבען אייפער מיט וועלכען די בעוואוסטזיניגע פרוי קעמפּפט פאַר איהר גלייכע שטעלונג אין דער פּאָליטישער וועלט, — מיט דעם זעלבען אייפער דאַרף זי קעמפּ־פען געגען דער אונטערדריקונג פון דער מאָדע און געגען דעם מאָד־נעם „געפיהל" אַז זי מוז ציהען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דעם מאַן, מעג עס זיין דורך וועלכע ניט עסטעטישע מיטלען.

די ערשטע כפּרה אין דיעזען קאַמפף מוז זיין — די ניט־עס־טעטישע אומגעלומפּערטע „סליט סקוירט"!

ם. מלמד

# ווינטער בלומען

(פון מיין באָבע'ס מעשה'לעך)

און ווידער זיינען מיר געזעסען מיט דער באָבעניו ארום דער וואַרעמער הרובע; די באָבע אויפ'ן ניעדריגען דיוואַן, מיט די פיס אונטער זיך, און מיט אַ זיפּ פעדערען אויפ'ן שוים, און מיר, די איי־ניקלעך, ארום איהר. מיר העלפען איהר פליקען די פעדערען, נור מיר צושיטען מעהר אויף דער ערד, ווי אין זיפּ... מיט אַמאָל פערקלייבט זיך גאָר אַ קליין פעדערל צו רחל'ען אין נעזעל, הויבט זי אָן ניסען, און פון יעדען ניס איהרען פערטראָגט זיך אַ גאַנצער הויפען פעדערן פון דער זיפּ, און צושפּרייט זיך איבער דער גאַנצער שטוב... די באָבעניו שפּרעכט איהר אָב: „לישועתך קויתי ד'", און מיר, קינדער, לאַכען; די באָבע לאַכט אויך, אזש די טרערען קומען איהר אין די אויגען, זי לאַכט און פליקט, פליקט און דערצעהלט אונז איין מעשה'לע שעהנער פונ'ם אַנדערען.

אין דרויסען איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט, תחילת איז געפאַ־לען אַ שנעע, און ביי נאַכט איז שוין געווען דער שנעע פערפרוירען, — אַ שליט־וועג, אַ מחיה!... די שויבען פון אונזערע קליינע פענסטער־לעך האָבען זיך אָנגעטון אין ווייסען, ווי מיט אַ דיקען, ווייסען געוועב זיינען זיי פערצויגען געוואָרען, און פונ'ם געוועב זיינען ארויסגעקומען אַלע מאָל אַלץ שענערע בלומען און קווייטען, עס זיינען אין איין הרפּ־עין אויסגעוואַקסען בוימער גאַנצע, ממש אַ וואַלד! בוימער מיט צוויי־גען.. און די צווייגען בעדעקען זיך מיט בלעטער, דרייעקיגע, שפּיציגע, אַ מחיה צו קוקען. מיר פערגעסען זיך אָן דער באָבע'ס מעשיות, און קוקען שוין אויף די פענסטערלעך, און מיר חידוש'ען זיך אויף נאָט'ס וואונדער. און אין מיטען פאַלט רחל'ע אריין דער באָבע'ן אין די רייד, און זאָגט:

— באָבעניו טייערע, זעה אויף אונזערע פענסטער, וואָס פאַר אַ שעהנע קווייטען עס זענען געוואָרען... פון וואַנען, באָבעניו, האָבען זיי זיך גענומען?

גיט די באָבעניו אַ קוק פריהער אויף די פענסטער, און דערנאָך אויף רחל'ען, זי שמייכעלט ליעב, און גלעט רחל'ען איבער'ן קאָפּ, מיר אַלע קוקען איהר אין די אויגען, מיר דערקענען אַז די באָבעניו האָט שוין אַ נייע מעשה'לע צו דערצעהלען.

— איהר וועט הערען, קינדערלעך? וועט די באָבע אייך דער־צעהלען — זאָגט די באָבע צו אונז אַלע, און מיר מאַכען זיך באַלד גרייט צו הערען: מיר טולען זיך נעהענטער צו דער באָבע'ן, און רחל'ע הענגט זיך איהר אָן אויפ'ן האַלדז, אַז די באָבעניו קען שוין די פע־דערען ניט פליקען.

— דאָס איז געווען — הויבט אָן די באָבע — תיכף נאָך מעשה

# מיעדקייט און רוהע

דר. אידא באדאנעס (ראווינסקי)

ניט טהוענדיג קיין שווערע ארבייט, אפילו גארנישט טהוענדיג, ווערט דער מענש מיעד דורכ'ן טאג, און ווען אבענד קומט ווילט זיך רוהען. דאס קומט דערפון, וואס מיר פערצעהרען נערווען־קראפט און בלוט מיט אונזער דאזיין, מיט'ן בלויזען עקזיסטענץ. ביי א לעבעדיגען מענשען קלאפט דאס הארץ און מאכט די בלוט צירקולירען דורכ'ן קערפער, צו נעהרען די פערשיעדענע איברים, און אין דיזען פראצעס געהט פאר א כעמישע פערוועקסלונג, א ברענונג, א פערצעהרונג.

מיר אטהעמען מיט די לונגען, מיר נעהמען אריין פרישע לופט און מיר וועקסלען זי אוים אויף אבגעניצטע. נערווען בעוועגען די מוסקלען פון די לונגען, ארבייט ווערט געטהאן און קראפט פערנוצט.

מיר קוקען מיט די אויגען אין יעדער זאך וואס שפיעגעלט זיך אב אויף דער רעטינע פון אונזערע אויגען, און אין דעם פראצעס פון זעהען ווערט פערנוצט א געוויסע מאס נערווען־קראפט.

מיר געהען מיט די פים, אונזערע מוסקלען בעוועגען די ביינער צו טרעטען, דאס נוצט אוים נערווען און מוסקעל־קראפט.

מיר דענקען מיט'ן מוח, ווען אונזערע געדאנקען זאלען זיין ווער ווייסט ווי אונוויכטיג, פערברויכען מיר דאך נערווען־קראפט אין דיזען פראצעס. נאטירליך, וואס מעהר אינטענסיוו, דורכדרינגליך, האסטיג דער דענקען אדער די ארבייט איז, דאס מעהר ווערט אבגענוצט פון אונזער קערפער, און דאס מעהר מוזען מיר רוהען.

זיצענדיג אויף איין ארט, אונבעוועגליך, ווערט נאטירליך ווייניגער נעברויכט ענערגיע און קראפט ווי, צום ביישפיעל, ביים געהען שפאציערען, טאנצען אדער לויפען.

דענקען לייכט און וועגען פרעהליכע זאכען פערנוצט ווייניגער נערווען־קראפט, ווי דרעהען דעם מוח וועגען א שווערע מאטעמאטישע פראבלעם, אדער זיצען און זארגען וועגען אן אונפערמיידליכען אונגליק.

מיט איין ווארט, מיעדיגקייט קומט פון אבניצען דעם קערפער, רוהע גיט אונז די מעגליכקייט צוריק אנצוזאמלען קרעפטען פאר ווייטערע טהעטיגקייט.

טהוענדיג גאר ניט, בלויז לעבען, מאכט אונז מיעד און מיר מוזען רוהען, אבער ארבייטענדיג ביי געוויסע בעשעפטיגונגען דעם גאנצען טאג מיט'ן מוח אדער מיט די מוסקולען פערורזאכט מיעדיגקייט־שטאף אין קערפער, און דאס מוז פערריכט ווערען דורך רוהע, אזוי שטרענג און אזוי רעגעלמעסיג ווי מען מוז עסען רעגעלמעסיג.

מיעדיגקייט אהן נענוג רוהע פיהרט צו קראנקהייט.

אום אויסצומיידען קראנקהייט, מוז מען ארבייטען מיט א מאס און רוהען פראפארציאנעל נאך דער ארבייט נאך, און רוהען מוז מען אלע טאג א בעשטימטע צייט. צו ארבייטען נאכאנאנד א לאנגע צייט און נאכהער רוהען א לענגערע צייט האט ניט דיזעלבע גוטע ווירקונג ווי דאס אפטע רוהען נאך א קורצער צייט פון ארבייט. ווען מען שטרענגט זיך אן צופיעל, קומט א צייט וואס רוה העלפט שוין ניט, און די אויסגעמאטערטע איברים ווערען קראנק און מען מוז צוזאמענברעכען. לאנגע סיזאנס, אפילו דעם גאנצען יאהר ארבייטען, אבער קורצע שטונדען דורכ'ן טאג. א קורצער ארבייטס־טאג איז פיעל געזינטער, ווי קורצע סיזאנס און לאנגע שטונדען.

דער בעוואוסטער רוסישער געלעהרטער פראפ. זאבארין, האט געהאט א דעוויז: „רוה איידער דו ווערסט מיעד”, ד. ה., נאך א געוויסער צייט ארבייט, איידער מען דערפיהלט נאך די מיעדקייט זאל מען רוהען א געוויסע צייט, און נאכהער קען מען פארטזעצען די ארבייט. אויף אזא אופן קען מען קיינמאל ניט קומען צו דעם צושטאנד וואס גיט די מעגליכקייט פערשיעדענע קראנקהייטען צו אטאקירען דעם אויסגעמאטערטען קערפער. דאס ערגסטע איז, אז איין מאל ווע־

---

בראשית. אז גאט האט בעשאפען די גאנצע וועלט, דעם הימעל און די ערד, די זון און די לבנה מיט אלע שטערן, אלע חיות ועופות און אלע בוימער און גראזען איבער גאר דער וועלט, איז געווען א וועלט א שעהנע און שמעקענדיגע. דער בארג איז געווען גרין, דער בוים האט געהאט א סך פירות, און א שאטען האט געמאכט דער בוים, מען זאל זיך שיצען ביי טאג פאר דער זון; און אונטען, ביים בארג, האבען געוואקסען א סך שעהנע בלומען; און אין וואלד זיינען ארומגעפלויגען פויגעלעך אהן שיעור, פויגעלעך מיט גאלדענע פליגעלעך, און געזונגען האבען זיי אזוי זים, ווי די מלאכים אין הימעל וואס זינגען אלע פריה־מארגען און פארנאכט פאר גאט ברוך־הוא... אבער נאכדעם איז אנגעקומען דער ווינטער, און ער הא[illegible]צו אלץ געמאכט אנ'עק. דער בארג האט שוין ניט געהאט קיין גרין גראז, די בוימער זיינען געשטאנען הויל, און ביי זייערע פים האבען זיך אנגעהויפט גאנצע בערג מיט געלע, פערטריקענטע בלעטער... די צווייגען האבען געהאנגען פערדארטע און פערטריקענטע, און דער בייזער ווינד האט זיי נעבעך אזוי געשמיסען, האבען זיי זיך אנגעקלאפט איינס אן דאס אנדערע, און זיי האבען אזוי מורא'דיג געקרעכצט, אז דעם בורא אליין האט אנגעכאפט א גרוים רחמנות אויף זיי. און קיין פויגעלעך זיינען שוין אויך דעמאלט ניט געווען, אלע זיינען זיי אוועקגעפלויגען אין די ווארעמע לענדער, און ס'איז געווען אזוי טויט און אזוי שטיל און אזוי אומעטיג, גאט בעהיט!... און דא האט זיך נאך דער הימעל שטארק פערכמארעט, און א שנעע האט בעדעקט די גאנצע וועלט, און די בוימער האט ער אנגעטון אין ווייסע קליידער... און ס'איז געווען מורא'דיג קאלט.

האבען די בוימער אנגעהויבען שטארק צו זיפצען און צו קלאגען: וואס וועט זיין פון אונז? וואס וועט ווערען פון אונז? מיר וועלען דאך אזוי אומקומען פון דער קעלט און פון דעם שנעע... מיר זיינען דאך נאקעט און בלויז, קיין בלעטעלע אפילו האבען מיר ניט, מיט וואס צוצודעקען אונזער גוף... צו וואס־זשע האט אונז דער בורא בעשאפען אויף דער וועלט, אונז אומצובריינגען אזוי יונג?...

און די קליינע בוימעלעך, וואס אויף זיי האבען זומער שעהנע רויזען געוואקסען, האבען אויך געכצעט און געקרעכצט, האבען זיי זיך צוגעטולעט צו די גרויסע בוימער, און האבען גלייך מיט זיי אנגעהויבען צו בעקלאגען זייער ביטער מזל; אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז ס'איז נעבליבען ביי זיי, זיי זאלען אוועקגעהן צום בורא עולם מיט א טענה, און איהם פרעגען: אדרבא, צו איז רעכט אזוי?...

זיינען אלע בוימער אוועק צום רבונו־של־עולם, און איינער, א גרויסער בוים, א דעמב, האט געזאגט צום בורא בזה הלשון:

— אדוני בורא! מיר זיינען אלע געקומען צו דיר, אזוי ווי קינדער קומען צו א טאטען, און מיר ווילען וויסען: צו וואס האסטו אונז בעשאפען אויף דער וועלט, און יעצט ווילסטו אונז אומבריינגען דורך קעלט און שנעע?... זעה וואס פון אונז איז געווארען: נאקעט זענען מיר, און מיר האבען ניט מיט־וואס צו שיצען אונזער גוף פאר'ן פראסט און פאר'ן ווינד... און קיין גרעזעלע וואקסט שוין מעהר ניט.

רען די נערווען שוואך און די בלוט אָרם פון איבעראַרבייטונג, איז שוין זעהר שווער צוריקצוכאַפּען און פערריכטען דאָס וואָס איז קאַליע געוואָרען. ליידער איז דעם מענשען׳ס קערפּער אזוי געבויט, אַז איין היגיענישער פערברעכען ברענגט צו אַ צווייטען. אין אַ מאַשין, ווען איין טהייל ניצט זיך אָב, קען מען דיזען טהייל אַראָבנעהמען און אַ נייע שטיק צושרויפען אויף דעם פּלאַץ. אין מענשליכען קערפּער זענען די נערווען, מוסקולען, ענערגיע, קראַפט און פערשטאַנד אזוי ענג פערבונדען, אַז איין טהייל ווערט צו גיך אָבגענוצט ווירקט עס אויף דער גאַנצער מאַשינעריע און קיין נייעם גליעד אָדער נערווען קען מען ניט אַריינשטעלען.

די שפּייז וואָס מיר עסען ווערט איבערגעקאָכט פון מאָגען און געמאַכט צו בלוט, וועלכע פליסט דורך יעדען טהייל פון קערפּער, געבענדיג נאַהרונג צו די ביינער, מוסקולען און אָדערן, דורך וועלכע די בלוט פליסט. אָהן די געזונדע נערווען קען דאָס בלוט ניט פליסען ווי עס בעדאַרף צו זיין, און אָהן גוטע בלוט קענען די נערווען ניט זיין געזונד. אַ מאָגען וועלכער האָט געזונדע נערווען אין זיינע מוסקולען און גוטע בלוט קאָכט דאָס עסען גוט און פערפערטיגט דעם שטאָף פיר נייע בלוטען א. ז. וו.

דעם מענשענס קערפּער איז צוזאַמענגעשטעלט פון ארום 200 ביינער, 400 מוסקולען, צווייערליי אָדערען — די אַרטעריען, דורך וועלכע עס פליסט די רויטע בלוט, וועלכע איז שוין געווען אין די לונגען און געקומען אין בעריהרונג מיט די פרישע לופט און וועלכע טראָגט דעם נויטיגען כעמישען עלעמענט. דיעזע אַרטעריען צוטהיילען זיך אין ברייטערע און שמעלערע און ביז גאַנץ דינע, קליינינקע אָדערלעך, וועלכע געפינען זיך אין יעדען טהייל פון קערפּער און וועלכע פערטהיילען די בלוט צו נעהרען יעדען טהייל פון קערפּער. ווען דער נויטווענדיגער כעמישער עלעמענט פון די רויטע בלוט איז אַריינגענומען און פערוועקסעלט, דאַן ווערט די בלוט טונקעל און פליסט צוריק צו די לונגען דורך די אַנדערע אָדערען— די ווענען. דאַן איז דאָ אין קערפּער אַ קונציגער געוועב פון נערווען, דער צענטער פון דעם נערווען־סיסטעם, דאָס ליעגט אין מאַרך פון קאָפּ און פון רוקען. פון רוקען־מאַרך ווערען אַרויסגעשיקט צוויי סאָרטען נערווען — די, דורך וועלכע מען דערפיהלט, און די, וועלכע בעוועגען די מוסקולען. דיעזע צווייערליי נערווען ווערען פאַנאַנדער געטהיילט אין גרעסערע און קלענערע און גאַנץ קליינינקע צווייגען איבער׳ן גאַנצען קערפּער.

עס איז ניטאָ איין שטיקעל פּלאַץ אין מאָגען, לונגען, געדערים, הויט, האַרץ אָדער אירגענד אַן אַנדער פּלאַץ, וואו עס זאָל זיך ניט געפינען אַ נערוו. זיי זיינען ווי עלעקטרישע דראָטען, וועלכע בעריכטען דורך דער גרעסטער שנעליגקייט צום צענטער — צום מאַרך, וועגען יעדע פּאַסירונג, און פון צענטער קריגט מען גלייך אַן ענטפער דורך אַנדערע נערווען — אַ וועהטאָג, אַ שאָק חלשות אָדער אַ לאַך, אַן אויסדרוק פון פרייד.

נעהמט, צום ביישפּיעל, דעם פאַל ווען מען קלאַפּט זיך שטאַרק אָב אַ פינגער. דעם וועהטאָג פיהלט מען ניט גלייך. צוערשט ווערט דורך די פיעלע נערווען פון פינגער געשיקט אַ טעלעגראַמע צום צענטער און פון דאָרטען שיקט זיך אַ וועהטאָג און אַן אַלאַרם דורכ׳ן גאַנצען קערפּער, עס פערקוועטשט אין האַרצען, ווערט פינסטער אין די אויגען א. ז. וו. דאָס אַלעס ווערט געטהאָן דורך די נערווען.

די לונגען ווערען בעוועגט ריטמיש דורך געוויסע מוסקולען, וועלכע זיינען קאָנטראָלירט פון נערווען. די האַרץ איז אַ מוסקול, וועלכע דריקט זיך צוזאַמען און לאָזט זיך לויז מיט יעדען קלאַפּ. ביים צוזאַמענדריקען זיך שיקט זי די בלוט אַרויס און ביים לויז ווערען פילט זי זיך אָן מיט בלוט. מיט יעדען אָטהעם פון די לונגען נעהמען מיר אַריין לעבען פאַר׳ן בלוט. מיט יעדען קלאַפּ פון האַרצען שיקען מיר די ריינע בלוט דורך די אַרטעריען.

דיעזער רעגעלמעסיגער קלאַפּען פון האַרצען, אָדער דער צוזאַמענדריקען און לויז ווערען, איז קאָנטראָלירט פון נערווען. איינערליי נערווען מאַכען די האַרץ קלאַפּען און די אַנדערע „געבען אַכטונג" אַז דער קלאַפּען זאָל זיין מיט אַ צאָהל. טאָמער צושפּיעלט זיך דער נערוו, וואָס פעראורזאַכט דאָס קלאַפּען, און אַנשטאָט 72 מאָל אין אַ מינוט, הולעט זיך

---

און קיין בלימעלע בליהט שוין מעהר ניט... און עס שמעקט ניט מעהר מיט קיין זיסען ריח... מיר שטעהען געבראָכענע, מיט טרוקענע צווייגען, אָהן אַ בלאַט און אָהן אַ פרוכט... און די שעהנע זינג־פויגעלעך זיינען אויך אוועק פון אונז... אַלץ איז וויסט, אַלץ איז חושך... זאָג, בורא, צו וואָס האָסטו אונז נאָר איינגאַנצען בעשאַפען אויף דער וועלט?...

און גאָט ברוך־הוא האָט אויף זיי געקוקט מיט חסד און ליעבשאַפט, און זיינע אויגען האָבען געלויכטען מיט פיעל לייט־זעליגקייט; ער האָט זיי געגלעט מיט זיין בליק, אזוי ווי אַ מאַמע גלעט איהר קינד מיט דער האַנד, ניט שטראָפען האָט ער זיי געוואָלט, נור טרייסטען, און ער זאָגט זיי, אַז ניט נור בוימער און גראָזען שטאַרבען אָב אין דעם קאַלטען ווינטער, נור אַלץ וואָס ס׳געפינט זיך אין דער גאַנצער וועלט, פון אַ חיה ביז אַ געוויקס... און די וואַסערען, זאָגט גאָט, זיינען אויך געבליבען שטעהען, מיט דיקען אייז בעדעקט, און מיט ווייסען שנעע... די ערד איז אויך געוואָרען פערגליווערט, איהר מוטערשאַפט פערשלאָסען, און קיין געוויקס וועט ניט אַרויס פון איהר איינגעוויידער ביז דער וואַרימער ווינד פון דרום־זייט וועט ווידער אַ בלאָז טון מיט זיין וואַרימען הויך, און ווידער וועט קומען אַ ניי לעבען אויף דער וועלט. ווייל אזוי, זאָגט גאָט, איז דער סדר פון דער וועלט; האַלב יאָהר ווינטער, און האַלב יאָהר זומער; זומער בליהט, און ווינטער שטאַרבט אָב... דאָס איז געגליכען — זאָגט די באָבע, און גלעט רחל׳ען איבער׳ן קאָפּ — צו אונז, מענשען אויך...

אָבער די בוימער זיינען ניט געווען צופריעדען מיט דעם וואָס דער בורא האָט זיי געזאָגט, און זיי האָבען ווייטער געוויינט און געטענה׳ט: היתכן? אַ גאַנצען ווינטער שטעהן ווי די מתים, לעבעדיג בעגראָבען?...

האָט גאָט זייער צער ניט געקענט צוזעהן, און ער האָט צו זיי מיט ליעבשאַפט אזוי געזאָגט:

— כדי דער ווינטער זאָל אייך ניט פאַלען אזוי שווער, און כדי איהר זאָלט זיך ניט פיהלען אזוי עלענד אָהן אַ בלעטעלע און אָהן אַ בלימעלע, זאָל זיך אָבשפּיעגלען אייער בילד דעם גאַנצען ווינטער צייט אויפ׳ן פערפרוירענעם אייז און שנעע... דערפאַר וואָס איצט קענען ביי אייך קיין נייע בלעטער און קיין נייע רויזען ניט וואַקסען, זאָלען זיך אָבשפּיעגלען אויפ׳ן אייז די רויזען און די בלומען וואָס איהר האָט זיי געבוירען אין זומער־צייט, און בליהען זאָלען זיי אויף דעם פערפרוירענעם גלאָז פון יעדער איינציגער הויז... זיי וועלען טאַקי ניט שמעקען אזוי ווי זומער, אָבער ס׳וועט זיין שעהן אויף זיי צו קוקען, און ס׳וועט זיין אַ דערקוויקונג צו די קליינע קינדערלעך וואָס זיי ביינקען אויך, אזוי ווי איהר אַלע, נאָך דעם ליבען זומער, ער זאָל שוין ווידער קומען...

— און פון דעמאָלט־אָן, — ענדיגט די באָבעניו — האָבען מיר ווינטער־צייט בלומען און קווייטען אויף די פענסטער... דאָס זיינען די זעלבע בלומען און די זעלבע קווייטען, וואָס זיינען אַ גאַנצען זומער געוואַקסען ביי אונז אין גאָרטען!..

פאַנאַנדער און לאָזט די האַרץ קלאַפּען שנעלער, זאָגט דער אויפזועהער „סטאָי", און פערוועהרט די שנעלינקייט און האַלט עס ביזם נאָרמאַלען. אָבער ווען די נערווען ווערען אויסגעמאַטערט אָדער ווען דער מענש איז קראַנק און האָט היץ און די האַרץ קלאַפּט שנעלער, ווערט אויך דער אויפזועהענדער נערוו מיעד און לאָזט אָב זיין קאָנטראָל.

מען קען לייכט פערשטעהן ווי צופיעל ארבייט אָהן רוה פרעאורזאַכען בלוט־אַרמוטה און אויסגעמאַטערטע נערווען און ווי איינס ווירקט אויף דאָס אַנדערע, און ווי שנעל א קערפּער אין אזא צושטאַנד קען פאַלען אַן אָפּפער פון פערשיעדענע קראַנקהייטען. די באַצילען פון אויסצעהרונג ווען זיי אַטאַקירען אזא קערפּער, געפינען זיי א צוגעגרייטען באָדען פאַר זייערע פערניכטענדע ארבייט, ווייל די וויעדערשטאַנדס־פעהיגקייט איז זעהר שוואַך. עס איז בעוויזען געוואָרען סטאַטיסטיש, אז ווען דער קערפּער איז אויסגעמאַטערט און מיעד־פאַלט ער לייכט אַן אָפּפער צו פערשיעדענע אַנשטעקענדע קראַנקהייטען. מיעדע, אָבגעמאַטערטע ארבייטער האָבען ניט גענוג מוסקעל־קראַפט צו האַלטען ריכטיג זייערע געצייג אָדער ארבייט און עס פאַלט זיי פון די הענד. מיעדע ווייטערינס ברעכען געשיער, מיעדע, אָבגעמאַטערטע ארבייטער האָבען ניט קיין כח צו ארבייטען.

עס איז סטאַטיסטיש בעוויזען געוואָרען; אז די גרעסטע צאָהל אונגליקס־פעלע אין די פעקטאָרים טרעפען פון 11 ביז 12 און פון 4 ביז 6. דאָס איז דערפאַר, ווייל אין דער פריה איז דער ארבייטער אָבגערוהט, און דאָס זעלבע נאָכמיטאַג, אָבער ווען מען ארבייט אָב דריי—פיער שטונדען אין דער פריה אָדער דריי—פיער שטונדען נאָכמיטאַג ווערט מען שוין פערמאַטערט, מען ארבייט מיעדערהייט, די מוסקלען ווערען שוואַכער און מען קען זיך שוין ניט קאָנטראָלירען.

די פולע שטונדע דינער איז אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיגקייט אָבצורוהען דעם קערפּער. לײדער זיינען דאָ פיעלע ארבייטער וואָס פערשטעהען ניט די וויכטיגקייט פון רוהען די גאַנצע צייט. זיי פערשטעהען ניט ווי נויטיג עס איז צו האָבען א פּאַסענדען פּלאַץ וואו מען זאָל קענען עסען אין ריינליכקייט, רוהיגקייט און ניט געאיילט. די מייסטע פון די ארבייטער רוהען ניט גענוג דורכ'ן טאָג. זיי עסען אין דער זעלבער איילעניס ווי זיי ארבייטען, זיי שלינגען אראָב סענדוויטשעס האַלב צוקייט און לויפען צוריק צום מאַשין. ווען די ארבייטער וואָלטען זיך אָבגעהיט אפילו אין אָט די זאַכען, ווי לאַיגזאַם און רוהיג עסען און זיך די דינער־שטונדע אָברוהען, וואָלטען זיי זיך געקענט פיעל העלפען צו פערהיטען זיך פון קאָנסאָמפּשאָן.

אויסגעמאַטערטע קערפּערס זיינען אויך פעראַנטוואָרטליך פאַר אַבנאָרמאַלע נעראַנקען און פאַר משונה'דיגע טהאַטען. עס איז אונצעהליגע מאָהל בעוויזען געוואָרען, אַז מיעדע מענשען רעדען אָפּט ניט צו דער זאַך, און אַז זיי האָבען א נייגונג צו רעדען אונגעדולדיג, קריעגעריש און כאַפּען זיך אָפּט צום שלאָגען.

ווי אָפּט זעהען מיר פיעלע אָרימע אויסגעמוטשעטע מוטערס שלאָגען און שילטען זייערע קינדער, און נאָכהער זעצען זיי זיך וויינען פון פערדרוס? מיעדינקייט איז אויך פעראַנטוואָרטליך פאַר שכרות און פאַר אַבנאָרמאַלע געוואוינהייטען. אַז אויסגעמאַטערטען מענשען דוכט זיך אימער אַז עס פעהלט איהם עפּעס, אַז ווען ער וואָלט גענומען א טרונק בראַנפען וואָלט עס איהם געשטאַרקט. ביסלעכווייז נעהמט ער זיך צום טרינקען, ווייל אַלקאָהאָל קרעפטיגט אויף א קורצער צייט און דיעזער געפיהל איז אַנגענעהם פאַר א שוואַכען מענשען, טראָצדעם וואָס א ווייַלע שפּעטער פיהלט מען זיך נאָך שוואַכער ווי פריהער. די אַבנאָרמאַלע געוואוינהייטען קומען פון צושרויפטע נערווען, אָבער דורך אַלקאָהאָל ווערען די צושרויפטע נערווען נאָך מעהר צושרויפט.

און נאָך דעם אַלעם, וואָס איך האָב דאָ געשריבען, קומט די פראַגע איבער־אַ־נייעם: וואָס איז אַזוינס מיעדיגקייט?

איך האָב דאָ אויבען דערמאָנט מיעדינקייט אַלס ש ט אָ ף — אָט דיעזער שטאָף איז א גיפט וועלכער ווערט בעשאַפען ווען מוסקלען און נערווען ארבייטען, און ווען זיי רוהען ווערט דיעזער גיפט פערניכטעט. אָבער ווען מען זאָל צופיעל ארבייטען און ניט רוהען גענוג, ווערט דער גיפט אָנגעזאַמעלט און פערניכטעט די לעבענס־קראַפט.

לאַנגע ארבייטס־שטונדען און וועניג רוה ענטוויקעלט אין קערפּער פערשיעדענע קראַנקהייטען לויט נאָך די ספּעציעלע צושטענדע פון פערשיעדענע טריידס. נור וועגען די ספּעציעלע קראַנקהייטען וועלען מיר ביי אַן אַנדער געלעגענהייט שרייבען.



# אינטערעסאַנט צו וויסען

## פערשיעדענעס.

אין א פריש געפיינטע רום איז ניט געזונד צו שלאָפען, ביז דער גערוך פון פיינט זאָל אין גאַנצען פערשווינדען.

א פייל פרישע וואַסער האַלטען אין רום און אָפּט איבערבייטען וועט העלפען צו רייניגען די לופט.

צוויי דאָקטוירים אין איירפּא, האָבען אויסגעפונען, דאָס „קייף הוסט" ווערט פעראורזאַכט פון א באַצילע. עס איז יעצט צו האָפען, דאָס דיעזע קראַנקהייט זאָל ווערען היילבאַר.

64 פון יעדען מיליאָן פון דער גאַנצער מענשהייט — זיינען בלינד.

אין די „פעראייניגטע שטאַאטען", ווערט יעדען יאָהר 1 פערזאָן פון 100,000 דערשלאָגען פון א בליץ.

די פערסיאַנער האָבען פאַר יעדען טאָג פון מאָנאַט, אַן אַנדער נאָמען.

די אַראַבער זיינען די גרעסטע שכורים אויף קאַפע, זיי טרינקען ביז 10 גלאָז א טאָג.

פאָלגענדעס איז אַן אינטערעסאַנטע סטאַטיסטיק פון די בילדינגס אין ניו־יאָרק:

| | |
|---|---|
| 1 פאַמיליע הייזער — — — | 147,184 |
| 2 פאַמיליע הייזער — — — | 73,184 |
| טענעמענטס — — — — — | 59,908 |
| האָטעלס און עלעווייטאָר אַפּאַרטמענטס — — — — | 2,611 |
| ווערהייזער, לאָפטס און דעפּאַרטמענט סטאָרס — — | 9,549 |
| אָפּיס בילדינגס — — — — | 1,123 |
| פעקטאָרים — — — — — | 5,198 |
| גאַראַדזשעס און סטייבעלס | 13,131 |
| טהעאַטערס — — — — — | 180 |
| פערשיעדענע — — — — — — | 13,942 |
| צוזאַמען — — — — — | 366,010 |

# סטיילס און פעשיאָנס

## 1 פיעס אייפראָן.

צוזאַמען מיט אַ דאַסט-קעפּ און האַלבע סליווס.



7968 One-Piece Work Apron, Small 34 or 36, Medium 38 or 40, Large 42 or 44 bust.

פּעטערן נומער 7968.

דיעזער פּעטערן איז געשניטען אין סייזעס פון 34 ביז 44 באַסט.

פאַר אַ מיטעל סייז, פאַרערט וואַרע 4½ יארד — 27 אינטש ברייט.

אום צו קריגען דיזען פּעטערן, שיקט אריין אין אָפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אָן דעם נומער פון פּעטערן און וואָס פיר אַ סייז איהר ווילט.

---

## ערצעהלונגען
## אברהם רייזען
### פרייז 50 סענט.

אַ פּראַכט-אויסגאַבע פון 200 זייטען. ענט־האלט סקיצצען און בילדער וואָס דער גרויסער שרייבער און דיכטער האָט געשאַפען פאַר דער לעצטער צייט.

## פענסי בלאוז מיט אַ טאַניק.

מיט אָדער אָהן אַ שעמיזעט.

עס קען געטראָגען ווערען אוי פיערע סקוירט.



7967 Fancy Blouse with Tunic, 34 to 42 bust.

פּעטערן נומער 7967.

דיזער פּעטערן איז געשניטען אין סייזעס פון 34 ביז 42 באַסט מעזשור.

פאַר אַ מיטעל סייז פאַרערט וואַרע פאַר די בלאוז, 3½ יאַרד — 27 אינטש ברייט, מיט 1½ יארד — 18 אינטש ברייט. 2½ יארד כאנה, 7 אינטש ברייט, און ½ יארד 44 אינטש ברייט פאר די שעמיזעט.

אום צו קריגען דיזען פּעטערן, שיקט אריין אין אָפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אָן דעם נומער פון פּעטערן און וואָס פיר א סייז איהר ווילט.

---

### פערגעסט ניט

**צו זאָגען אייער ניוס־דיעלער ער זאָל אייך ברענגען דעם נעקסטען נומער „די פרויען וועלט"**

## סעמי פּרינצעס דרעס.

פאַר קליינע פרויען און מיידלאך פון 16 ביז 18 יאָהר.

מיט קורצע אָדער לאַנגע סליווס; רונדען אָדער הויכען קאָלער; אָפען אָדער פאַרמאַכט אין פראָנט סקוירט.



7985 Semi-Princesse Dress for Misses and Small Women, 16 and 18 years.

פּעטערן נומער 7985.

דיעזער פּעטערן איז געשניטען אין סייזעס פאר מיידלאך פון 16 ביז 18 יאהר.

פאר אַ 16 יאהר סייז פאַרערט-וואַרע, 3 יארד — 27 אינטש ברייט פאר די בלאוז און פעלפום, מיט אַ ½ יארד טאַקס פאר'ן סענטער פראָנט, און ⅝ יארד — 18 אינטש ברייט פאר יאוק. — פאר די סקוירט — 2¼ יארד ענג ברייט, די ברייט פון סקוירט אונטען — 1⅛ יארד.

אום צו קריגען דיזען פּעטערן, שיקט אריין אין אָפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אָן דעם נומער פון פּעטערן און וואָס פיר א סייז איהר ווילט.

## דרייפד סעמי־פרינצעס דרעס.

מיט אַ 3 פיעס סקוירט ; ¾ אָדער לאַנגע סליווס.



7963 Draped Semi-Princesse Gown, 34 to 44 bust.

פעטערן נומער 7963.

דיעזער פעטערן נומער 7963 איז געשניטען אין סייזעס פון 34 ביז 44 באסט מעזשור.

פאר אמיטעל סייז פארערט וואארע 8¾ יארד 27 אינטש ברייט, אדער 6 יארד 36 אינטש ברייט, מיט ¾ יארד — 27 אינטש ברייט און 2¾ יארד ראפלינג צו מאכען די פיטשו און איבער געראלטע קאפס, און ⅜ יארד — 18 אינטש ברייט פאר'ן קאלער און טרימינג.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט“ 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

## מיידעלס דרעס.

פון 10 ביז 14 יאָהר.

מיט אַ 4 פיעס דרייפד סקוירט, מיט אָדער אָהן אונטער סליווס, מיט אַ רונדען אָדער הויכען האַלז.



7987 Girl's Dress, 10 to 14 years.

פעטערן נומער 7987.

דיעזער פעטערן איז געשניטען אין סייזעס פאר מיידלאך פון 10 ביז 14 יאהר אלט.

פאר א מיטעל סייז, פארערט וואארע 4¾ יארד 27 אינטש ברייט, מיט 1 יארד — 18 אינטש ברייט פאר די אויבערשטע טרימינג.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט“ 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

## באַי'ס מיד סוט.

פון 2 ביז 6 יאָהר.

מיט קורצע אָדער לאַנגע סליווס.



7973 Boy's Middy Suit, 2 to 6 years.

פעטערן נומער 7973.

דיעזער פעטערן איז געשניטען אין סייזעס פאר באַי'ס פון 2 ביז 6 יאהר.

פאר א 4 יאהר סייז, פארערט וואארע פיר'ן גאנצען סוט 3¾ יארד — 27 אינטש ברייט ; אדער 2 יארד — 27 אינטש, פאר די בלאוז און 1¾ יארד — 27 אינטש ברייט פאר די הייזקעס און טרימינג.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט“ 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

א קורצע צייט האָבען די ווייבער זיך געשטיקט מיט דער צרה אין זיך. אָבער לאַנג האָט עס ניט געקענט אויסהאַלטען, זיי האָבען ענדליך אויסגעפּלאַצט, זיך אָרגאַניזירט, אָבגעהאַלטען א מיטינג און בעשלאָסען געהן דער „יענקי" אויסרייכען די האָר.

נעזאָגט, געטהאָן! און א געוויסען אבענד, אום 9 אוהר, זיינען אַלע ווייבער, הורטאָם, ארויף צו דער „יענקי" מיט א געשריי, מיט א נעפּילדער, איהר אָנלערנען, און אגב שוין אויך ארויסשלעפּען די מענער פון דאָרטען. די „יענקי" האָט זיי אַלעמען בעגעגענט אויפ'ן שוועל און גאַנץ רוהיג זיי געהייסען שווייגען, ווייל איהרע קינדער שלאָפען און האָט זיי איינגעלאַדען צו זיך אין קיטשען. זיי זיינען איהר נאָכגעגאַנגען מיט זעהר ברייט פאַנאַנדער געעפענטע אויגען אום אַלעס אויסצוקוקען און זעהען אין וואָס בעשטעהט איהר כישוף. פערוואונדערט זיינען זיי געוועזען צו זעהן ווי שטיל עס איז איבעראַל און ווי עס איז ניטאָ קיין שפור פון זייערע מענער. אָבער נאָך מעהר זיינען זיי נשתומם געוואָרען קוקענדיג אויף די ריינקייט. אזוי צוטומעלט זיינען זיי אַלע געוואָרען אז פאר א קורצע צייט האָט זיי דער לשון פשוט אָפּגענומען.

די „יענקי" האָט זיי אַלעמען אריינגעטריבען אין קיך, ווי מען טהוט עס מיט היהנער, האָט פאַרמאַכט די קיך, און צום ערשטען מאָל האָבען זיי איהר געהערט פיעל ריידען.

אָט איז איהר רעדע:

„זייט ניט אויפגערעגט, מיינע ליעבע שוועסטער. איך האָב אייך קיין בייזעס ניט געטהאָן. אייערע מענער געהען ניט צו מיך, דאָס געהען זיי פערברייננגען מיט מיין מאַן. ער לעזט פאר זיי אַלע אבענד. איך בין זעהר זעלטען דאָרטען ווען אייערע מענער זיינען ביי אונז. איך האָב אימער וואָס צו טהאָן דאָ. אייגענטליך האָב איך אייער וויזיט שוין לאַנג ערוואַרטעט. איך האָב זיך מיט אייך געוואָלט דורכריידען. איהר וועט מיר ענטשולדיגען וואָס איך האָב אייך אריינגענומען אין קיטשען, איך האָב אַנדערש ניט געקענט, ווייל איך האָב זיך געשעמט פאר די מענער ווען איהר האָט אזוי געשריען. כאָטש אפילו זיי זיינען אייערע אייגענע מענער, איז דאָך אויך ניט שעהן. מען מוז פאר אַן אייגענעם מאַן זיך ציינען אַם שענסטען. פאַרגעסט ניט אז מיר האָפען אויסצולעבען אונזערע יאָהרען מיט אונזערע מענער, דעריבער מוזען מיר זיך אימער האַלטען אזוי ריין אין קערפּער און ציינען א פיינע נשמה ווי נור מעגליך. אז מיר וועלען בענשען, וועט דער מאַן ניט שמייען צו שילטען."

בעמערקענדיג אז די ווייבער האָבען זיך בערוהיגט, האָט זי פאָרגעשלאָגען זיי זאָלען שטילערהייט איינציגווייז געהן אריינקוקען אין פראָנט רום און זעהען וואָס זייערע מענער טהוען. יעדע אידענע האָט געפונען איהר מאַן זיצענדיג בעקוועם לעבען א רונדען טיש, טרינקענדיג טיי פון זעהר א ריינער גלאָז און זיך צוהערען צו דעם בעל הבית לייענען עטוואָס אין אידיש.

די ריינקייט און רוהיגקייט פון הויז האָט אויף די ווייבער געמאַכט א מערקווירדיגען איינדרוק. מיט גרויס דרך ארץ האָבען זיי גענומען שטעלען דער „יענקי" פערשיידענע פראַגען: „ווי קומט עס עס וואָס די קינדער שלאָפען אזוי פריה?" „ווי אזוי האָט דער לענדלאָרד אזוי פיעל פּאָליצקעס ארויינגעשטעלט ביי איהר אין קיך, ביי זיי אין קיך איז נאָר אַנדערש"; „ווי אזוי קומט עס וואָס ביי זיי זיינען דאָ קאַקערוטשעס און ביי איהר ניט"; „ווארום היינגט ניט קיין סטראַפּ אויפ'ן וואַנט"; און נאָך אזוינע פראַגען.

אויף דער ערשטער פראַגע האָט זיי די „יענקי" געענטפערט אז איהרע קינדער געהען אַלע מאָל שלאָפען אום 8 אוהר. עס איז זעהר וויכטיג, האָט זי ערקלערט, אז קינדער זאָלען געהן פריה שלאָפען, דאָס איז געזונד פאר זיי און זיי וואַקסען בעסער, און האָבען געזונדע נערוועןן, זי גרייט פאר זיי אַלעס צו איידער איהר מאַן קומט פון דער ארבייט, ווייל, זאָגט זי, ער קומט מיעד און זי וויל ניט אז קיין זאַך זאָל שטערען זיין רוה. ער שפּילט זיך א קורצע צייט מיט די קינדער נאָכ'ן סאַפּער. דאַן געהען זיי גלייך שלאָפען, און ווען עס זיינען קיין געסט ניטאָ, לייענט איהר מאַן פאר איהר, ווייל זי טהוט עמוואָס נויטינעס, אָבער ווען פרעמדע מענער קומען, געפינט זי זיך וואָס צו טהאָן אין קיך ביז זיי געהען אוועק.

אויף דער צווייטער פראַגע האָט זי געענטפערט אז זי האָט די פּאָליצקעס אליין צוגעקלאַפּט. זי מוז, זאָגט זי, אַלעס האָבען אין אָרדענונג און אַלעס אויף א פּלאַטץ, אז ניט וואָלט זי ניט קענען האַלטען איהר הויז אזוי ריין און עס וואָלט צו פיעל צייט צוגענומען. מען מוז הויז ארבייט טהאָן מיט אַן אָרדענונג, זאָנסט ווערט א קוטעל שטוב.

וועגען דער דריטער פראַגע האָט זי זיך גאָר צולאַכט, זאָגענדיג: איך האַלט די קיך אזוי ריין, אז די קאַקרוטשעס האָבען מיך פיינט און זיי ווייכען פון מיר".

און וועגען סטראַפּ אויפ'ן וואַנט האָט זי געענטפערט מיט א מערקווירדיגער מינע: „וואו שטעהט עס געשריבען אז א סטראַפּ מוז הייננגען אויף דער וואַנט? אָבער מיר שלאָגען קיין מאָהל ניט די קינדער, מיר גלויבען ניט אין שלאָגען, עס איז ניט אָרענטליך פון א גרויסען מענשען וועלכער האָט פיעל מעהר כח פון א קליינעם, זיך צו נעהמען דאָס רעכט צו הרג'ענען א שוואַכערען"..

איין אידענע: „ווי הייסט א טאַטע און מאַמע ניט האָבען קיין רעכט?"

די „יענקי": „גראַדע ווייל א טאַטע און מאַמע, מוז מען ניט שלאָגען. צוליעב וואָס שלאָגען? מען קען ריידען מיט קינדער גראַדע ווי מיט דערוואַקסענע. מען דערקלעהרט זיי אז דאָס מעג מען און דאָס טאָר מען ניט און זיי וועלען פערשטעהן. מיר האָבען אויסגעפונען אז קינדער זיינען גאָר ניט צולאָזען, אז עס איז אימער דאָ אַן אורזאַכע פאר זייערע מישוגעת'ן — און ווי נאָר מען געפינט אויס די אורזאַכע און מען פערריכט וואָס זיי פעהלט, ווערען די קינדער ווידער גוט. עס איז נאַטירליך פאר געזונדטע קינדער וועלכע מען האַלט זאַט און ריין, צו זיין מונטער און גוט. מיט שלאָגען צורייצט מען זיי בלויז און מען מאַכט זיי פאר ליגנער אָדער פאר נערוועזע."

א אידענע: מיט מיינע קינדער קען מען אָהן שלאָגען ניט אויסקומען, זיי זיינען שלעכטע."

די „יענקי": „קיין שלעכטע קינדער זיינען גאָר ניטאָ, פיליייכט פעהלט זיי עפּעס און איהר פערשטעהט זיי ניט, פיליייכט האָבען זיי צו פיעל צייט, און צו ווייניג צו טהאָן, אָדער צו ווענינג צו שפּיעלען".

די אידענע: „דער שוואַרץ (פערכאַפּט זיך) דער גוטער יאָהר ווייס זיי".

די „יענקי" האָט דאַן פאָרגעשלאָגען אז זיי זאָלען זיך אַלע אבענד צוזאַמען קומען ביי איהר אין דיינינג רום ווען די מענער זיינען אין פראָנט רום, אום צו בעשפּרעכען אַלע אזעלכע פראַגען און אום אויסצוגעפינען א וועג ווי צו פערלייכטערען די הויז ארבייט, אזוי אז יעדע זאָל האָבען צייט נענוג זיך און די קינדער ריין צו האַלטען און ווי בעסער צו אַטענדען און צו לעזען און לערנען עטוואָס אין די אבענדען.

די ווייבער זיינען געוועזען בעגייסטערט פון דיעזען פאָרשלאַג און האָבען צוגעזאָגט אויף מאָרגען צו לייגען די קינדער פריה שלאָפען און קומען אויפ'ן מיטינג.

דאָס איז געוועזען דער ערשטער צוזאַמענקומען פון פיעל מעהר ערפאָלגרייכע אבענדען.

# דער שפּיגעל

קאַטול מענדעס.

איבערזעצט אויס דעם ענגלישען פון משה יצחק ליטאוער.

עס איז אמאָל געווען א לאַנד, אין וועלכער מען האָט גאָר ניט געוואוסט פון שפּיעגלען. מען האָט זיי אַלע צובראָכען אוןיף שטיק־שטיקלאַך אויף דעם בעפעהל פון דער קעניגען. און טאָמער האָט מען וואו אין א הויז געפונען די קלענסטע פּיצעל פון א שפּיעגעל, פלעגט זי, נאָר אָהנע זיך אָבצושטעלען, הייסען טויטען אַלע איינוואָהנער פון דער דאָזיגער הויז, מיט די שרעקליכסטע יסורים.

יעצט וועלען מיר ענטפּלעקען דעם סוד פון דיעזען אויסערגעוועהנליכען קאַפּריז.

די קעניגען אַליין איז געווען שרעקליך מיאוס און האָט דערפאַר ניט געוואָלט שטעהן אין ריזיקע זיך אָנצוטרעפען מיט איהר איינענער געשטאַלט. וויסענדיג ווי העסליך זי איז, האָט זי כאָטש געהאָט א שטיקעל טרייסט פון דעם, וואָס אנדערע פרויען וועלען אמוועניגסטען ניט קענען זעהן ווי שעהן זיי זענען.

איהר קענט זיך פאָרשטעלען, אז די יונגע מיידלאַך פון לאַנד האָט דיעזער עוסק גאָר ניט געשמעקט, ווארום וואָס קומט ארויס פון צו זיין שעהן, ווען דו קענסט זיך זעלבסט ניט בעוואונדערען? זיי וואָלטען שוין אפילו געברויכט די קליינע וואסערלאַך און טייכען פאַר שפּיעגלען, האָט עס אָבער די קעניגען פאָראויסגעזעהן און האָט זיי געהייסען גאַנץ גוט פערדעקען מיט גרויסע ברוקשטיינער.

וואסער פלעגט מען שעפּען פון אזעלכע טיעפע ברונעמס, אז עס איז געווען אונמעגליך צו זעהן אפילו די פליסיגע אויבער פלעכע.

פלאכע בעקענס האָט מען געמוזט געברויכען אנשטאָט עמערס, ווייל אין די לעצטע וואָלט מען זיך קענען אָפּשפּיעגלען.

אין אזא טרויעריגע לאַגע האָבען זיי, איבערהויפּט די שעהנע קאָקעטקעס — וועלכע זענען דאָ ניט געווען זעלטענער ווי אין אנדערע לענדער — זיך געפונען. די קעניגען האָט גאָר קיין רחמנות ניט געהאַט. זי איז געווען העכסט צופריעדען פון דעם, וואָס איהרע אונטערטאַנען וועלען דאַרפען ליידען, גראַדע אזוי פיעל פערדרום אָהנע דעם שפּיעגעל, ווי זי פלעגט פיהלען, זעהן דערזעהענדיג זיך אין דעם שפּיעגעל.

דערנעבען אין א פאָרשטעדטעל האָט געוואָהנט א יונגע מיידעל מיט'ן נאָמען דזשאָסטינטאַ, וועלכע, א דאַנק איהר ליעבהאָבער וואַלענטין, איז געווען אביסעל בעסער אָפּ פון די אנדערע מיידלאַך. ווארום אויב עמיצער דענקט, אז דו ביזט שעהן, און פערלירט ניט קיין געלעגענהייט דיר עס צו זאָגען, איז ער דאָך כמעט אזוי גוט ווי א שפּיעגעל.

— זאָג מיר דעם אמת, — פלעגט זי צו איהם זאָגען, — פון וואָס פיר א קאָליער זענען מיינע אויגען?

— זיי זענען ווי טהוי'אידיגער פאַרגעס־מיר־ניטס.

— און איז מיין הויט ניט גאָר שווארץ?

— דו ווייסט, דיין שטערען איז ווייסער פון פריש־געפאַלענעם שנעע, און דיינע באַקען זענען ווי רויטליכע ראָזען.

— און וועגען מיינע ליפּען?

— קאַרשען זענען בלייך געגען זיי.

— און מיינע ציין?

— רייז קערנער זענען ניט אזוי ווייס ווי זיי.

— אָבער מיינע אויערען, זאָל איך מיך שעהמען מיט זיי?

— יעס, אויב אז דו וואָלסט זיך אויך געשעהמט מיט צוויי קליינע ראָזען־רויטליכע שיסעלאַך צווישען דיינע שעהנע האָר־לאָקען.

און אזוי ווייטער אָהן א סוף. זי איז געווען לוסטיג און ער נאָך מעהר, ווייל זיינע ווערטער זענען דאָך טאַקי געקומען פון דער טיעפעניש פון זיין האַרץ. זי האָט געהאַט פערגעניגען זיך צוהערענדיג ווי זי ווערט געלויבט, און ער — די חנאה צו זעהן איהר. אזויערנאָך איז זייער ליעבע געוואַקסען אַלץ טיעפער און צאַרטער מיט יעדער שטונדע. און אין דעם טאָג, ווען ער האָט איהר געפרעגט איהם צו הייראַטהען, האָט זי געווים געבלאָשר (געוואָרען רויטליך פון שעהמען זיך), אָבער אָהן כעס. ויהיה היום און די נייעס פון זייער גליק האָט דערגרייכט דער שלעכטער קעניגען, וועמעס פערגעניגען איז נור בעשטאַנען אין מאַטערען אנדערע, און איבערהויפּט דזשאָסינטאַ, צוליעב איהר שעהנקייט.

א קורצע צייט פאַר דער חתונה, ווען דזשאָסינטאַ האָט אין א פאַרנאַכט שפּאַצירט אין גאָרטען, איז צו איהר צוגעגאַנגען אַן אַלטע בעטלער־פרוי און פון איהר געבעטען א נדבה; אָבער פלוצלונג האָט זי אָפּגעשפּרונגען מיט א געשריי, גראַדע ווי זי וואָלט ארויפגעטראָטען אויף א זשאַבע, און האָט אויסגעשריען:

— הימעל, וואָס זעה איך?

— וואָס איז דער מעהר מיט אייך, מיין גוטע אַלטע פרוי? וואָס זעהט איהר? זאָגט מיר.

— די מיאוס'טע בעשעפעניש וואָס איך האָב ווען אָנגעטראָפען.

— אויב אזוי, מוזט איהר ניט קוקען אויף מיר, — האָט דזשאָסינטאַ געזאָגט מיט אַן אונשולדיגען שטאָלץ.

— צום בעדויערען איז עס דוקה דו, מיין אָרים קינד; איך בין שוין אויף דיעזער ערד א גאַנץ לאַנגע צייט, אָבער איך האָב נאָך קיינמאָל ניט אָנגעטראָפען עמיצען וואָס זאָל אויסזעהען אזוי שרעקליך, ווי דו!

— וואָס! איך בין מיאוס?

— א הונדערט מאָל מיאוס'ער, ווי איך קען ארויסזאָגען.

— אָבער מיינע אויגען?

— זיי זענען פון א מין שמוציג־גרויען קאָליער; דאָס וואָלט נאָך אָבער גאָר ניט אויסגעמאַכט, ווען דו וואָלסט ניט האָבען אזא שענדליכען קרומען קוק.

— מיין געזיכט־פאַרב (קאָמפּלעקשאָן)?

— עס זעהט אויס פונקט ווי דו וואָלסט אָנגעריבען דיין שטערען און באַקען מיט קויל־שטויב.

— מיין מויל?

— עס איז בלאַס און פערוויאַנעט, ווי א פערוועלקטעס בלום.

— מיינע ציין?

— אויב שעהנהייט פון ציין בעשטעהט אין צו זיין גרויס און געל, האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהען אזעלכע שעהנע ציין ווי דיינע.

— אָבער אמוועניגסטען מיינע אויערען?

— זיי זענען אזוי גרויס, אזוי רויט, און אזוי אומגעלומפּערט צווישען דיינע גראָבע, צונויפגעפּלאָנטערטע לאָקען, אז זיי זענען פשוט רעוואָלטירענד. איך אַליין בין ניט שעהן, אָבער איך וואָלט געשטאָרבען פון שאַנדע, ווען מיינע אויערען וואָלטען אזוי זיין.

נאָך דיעזען לעצטען שקר איז די אַלטע מכשפה — שוין האָבענדיג ווידערהאָלט אַלעס, וואָס די קעניגען האָט איהר אויסגעלערענט — אוועקגעהינקט מיט א גרויזאַם־קוואַקענדען געלעכטער, איבערלאָזענדיג די אָרימע דזשאָסינטאַ אויסצוגעהן אין טרעהרען מיט'ן פּנים צו דער ערד אונטער די עפּעל בוימער.

**The Jewish Ladies Home Journal**

Published monthly by the
HEBREW EDUCATIONAL PUB. CO.

A. Grayzel, Editor
M. Mansky, Mgr.
Ph. Kaplan, Adv. Mgr.
129 Lafayette St. New York, N. Y.
Telephone 254 Franklin

Subscription Price:
One year....50 c. 6 months...25 c.

Entered as Second Class matter April 7, 1913, at the Post Office at New York, N. Y., under the act of March 3, 1879.



# פון דער פרויען וועלט

### פענסיאן פאר אלמנות.

די נויארקער לעדזשיסלייטשור האט בעשטימט א פאנד פון 15 טויזענד דאלאר פאר א קאמיססיאן וועלכע דארף אויסארבייטען פלענער ווי צו שאפען א שטענדיגע באארד צו צאהלען פענסיאן ארימע אלמנות. די קאמיססיאן האט זיך ארגאניזירט מיט אסעמבלימען ליוויי אן דער שפיצע און עס איז בעשלאסען געווארען צו אונטערזוכען די מעטאדען פון אנדערע סטייטס וואו אזעלכע פענסיאנס עקזיסטירען שוין.

### קענדי פאר א פרויען דזשורי.

אין דזשאליעט, אילינאאיז, איז צוזאמענגעשטעלט געווארען די ערשטע פרויען דזשורי זינד פרויען האבען בעקומען זייערע רעכטע אין אילינאאיז סטייט. דיא דזשורי איז בעשטאנען פון 11 מיידלאך, אלע שעהנע און אונטער 23 יאהר אלט, און איין פערהייראטע פרוי. דער טרייעל איז געווען צווישען א יונגען שעהנעם בחור און אן אלטען פערהייראטען מאן. געוואונען האט גראדע דער שעהנער בחור און האט פרעזענטירט זיינע „דזשורי לייטע" מיט א באקס קענדי פאר יעדער.

אין מיטען טרייעל האט דער דזשאדזש געגעבען אן אפרוה און די „דזשורי" האט זיך ערפרישט מיט אייז־קרים סאדא.

### הויכע קארקעס און האבעל סקוירטס.

די פענסילווייניא ריילראד האט אויסגעפונען אז אין פיעלע פון די עקסידענטס וואס מאכען זיך מיט פרויען אויפ'ן ריילראוד זיינען שולדיג די הויכע קארקעס און די האבעל סקוירטס, און זיי האבען ערקלערט דעם סארט קליידונג פאר געפעהרליך. פיעלע פרויען פאלען פון די טרעפ פון די קארס אדער אויף די פלאטפארמס פערטשעפענדיג זיך און פערפלאנטערנדיג זיך אין זייערע האבלס אדער גליטשען זיך אויס און פאלען צוליעב זייערע הויכע קארקעס.

די ריילראוד בעט איהרע פרויען פאסאזשירען אויסצומיידען דיעזע קליידער ווען זיי פאהרען, און האט בעשלאסען צו געבען א פולע בעשרייבונג פון די קליידער פון יעדער פרוי וואס וועט פאלען אדער אויסגליטשען זיך אויף איהרע קארס און סטיישאנס.

### נייע סארט סקוירטס פאר שיקאגא'ער פאלים־פרויען.

אין שיקאגא זיינען דא פרויען אלס פאליסלייטע און עס ווערט פארגעשלאגען פאר זיי א נייע סקוירט, אום צו מאכען בעקוועמער זייערע בעוועגונגען.

די נייע סקוירט קוקט אויס פונקט ווי א געוועהנליכע שמאל־אויפגענעהטע סקוירט. ווען עס קומט אבער אויס נאכצויאגען זיך נאך א בעל־עבירה, נאך א פערזינדיגטע בעשעפעניש, קען די פאלים פרוי א ציה טהאן א שנירעל און עס עפענט זיך א ברייטער שפאלט אין קלייד מאכענדיג דאס לויפען בעקוועם. ווען דאס שנירעל ווערדט אפגעלאזען, בעקומט די סקוירט צוריק איהר געוועהנליכען אויסזעהן, אזוי ווי גארנישט געווען. די סאפראזשעטס זיינען ענטוזיאסטיש איבער דיעזער סקוירט, און זי ווערט רעקאמענדירט מיט בעגייסטערונג.

### פערלארען איבער א קלייניגקייט.

די פרויען שטימרעכט אין ניו דזשוירזי געהט פערלארען צוליעב א טעכנישען פעהלער וואס דער סעקרעטער פון ניו דזשוירזער סענאט האט פערזעהען, און אלץ דארף אנגעפאנגען ווערען גאר פון אנפאנג.

די פרויען פון ניו דזשוירזי סטייט האבען אנגעפיהרט אן ענערגישען פייט פאר די לעצטע צוויי יאהר צו בעקומען שטימען רעכטע. זייער קאמפף איז געקרוינט געווארען מיט ערפאלג און די לעדזשיסלייטשור האט אנגענומען דעם ביל אז מען זאל אמענדירען די קאנסטיטושאן צו געבען זיי די פערלאנגטע רעכטע.

לויט געזעץ קען אזא ביל ניט אריין אין קראפט וואו ער ווערדט ניט אדווערטייזט אין צייטונגען דריי מאנאטען בעפאר עלעקשאן. דער סעקרעטער פון סענאט האט פערגעסען וועגען דעם ביל און האט איהם ניט אדווערטייזט. איצטער האט מען זיך געכאפט, איז שוין אבער צו שפעט, ווייל עס איז געבליבען ווייניגער ווי דריי מאנאטען צום עלעקשאן, און די גאנצע ארבייט מוז אנגעפאנגען ווערען אויף דאס ניי, ווייל יענער ביל איז אין גאנצען בטל.

### פערטרויט זיך ניט די מענער!

„די נאשיאנאל האמסטעד אסאסיאיישאן" איז א פרויען ארגאניזאציאן וועלכע איז געגרינדעט געווארען מיט דעם צוועק אויסצוגעפינען וועגען און מיטלען ווי אזוי צו מאכען די היים מעהר אנגענעהם און צופריעדענהאפטיג, און דאס פאמיליען־לעבען מעהר גליקליך. אן דער שפיצע פון דיעזער אסאסיאיישאן שטעהט מרס. שארלאטא סמיטה פון באסטאן, און נאך פיעלע אונטערזוכונגען איז זי געקומען צום בעשלוס ארויסצוקומען מיט א מאניפעסט צו די פרויען, אז זיי זאלען זיך צופיעל ניט פערטרויען זייערע מענער.

„די קלוגע פרוי דארף קיינמאל ניט דערצעהלען איהר מאן אלע איהרע סודות. דערצעהלענדיג דעם מאן פון אלץ וואס מען האט אויפ'ן הארצען פערליערט מען די אונאבהענגיגקייט און עס בריינגט פיעל מאהל צו אומגליק און לייד.

„פיעלע גט'ען ווערען פערארזאכט צוליעב דעם וואס מאן און ווייב ווייסען צופיעל איינע פון די אנדערע.

„ווען א פרוי פערטרויעט זיך איהר מאן — גלויבט ער אז ניט אין גאנצען זאגט זי איהם, אז פיעל מעהר האט זיא פערבארגען און האט מורא אויסצוזאגען, און פון גארנישט קען געוועבט ווערען א שטריק וועלכע דערשטיקט אפט און פערניכטעט א גליקליך פאמיליען־לעבען. די אויגען פון אייפערזוכט זעהען אלץ דורך א הונדערטפאכער פערגרעסערונגס גלאז און עס איז גלייכער לאזען דעם מאן צורוה, געדענקענדיג אז אין הויז ביי זיך אויך איז שווייגען געגליכען צו גאלד".

קענען זיך אבער אונזערע שוועסטער איינהאלטען ? עס איז לייכטער דעם צווייטען צו ראטהען, איידער אליין צו טהאן.

### קאנטראלירען דאס געשלעכט פון ניט־געבוירענע קינדער.

איינע פון די געהיימניסע פון דער נאטור וואס דער מענש וואלט וועלען דורכדרינגען איז דער סוד פון קאנטראלירען דאס געשלעכט פון די ניט־געבוירענע קינדער, אז דאס קומענדע קינד זאל זיין לויט דעם אייגענעם ווילען, א אינגעל אדער א מיידעל.

אייניגע מאהל איז שוין ארויס א קלאנג אז דער סוד איז ענטדעקט געווארען

# אַן איבערקעהרעניש אין אַ טענעמענט הויז

שולמית

די ווייבער פון אַ געוויסער טענעמענט הויז האָבען זיך געלעבט רוהיג און אין אחדות פאַר יאָהרען לאַנג. אייניגע פאַמיליעס האָבען ארויסגעמופט, אַנדערע האָבען אריינגעמופט, אָבער די ווייבער האָבען זיך שנעל בעקענט און געשלאָסען פריינדשאַפט.

זיי האָבען געוואוסט וואָס עס קאָכט זיך איינע ביי די אַנדערע אין די טעפּלעך. די געלעגנהייט צום ריידען וועגען יענעם און וועגען זיך איז אַ גאַנץ גינסטיגע ביי שכנים — דאָ לייהט מען אַ ציבעלע און מען שטעהט אָפּ אַ האַלבע שטונדע און מען רעדט; דאָ עטליכע קלאָוז פּינס און מען דערצעהלט איינע די אַנדערע די מערכה'ס; און דאָ פעהלט אוים אַביסעל מעהל, קען מען אַ ווייל׳ע ריידען וועגען וואָס עס געהט פאָר ביי אַ שכנ'טע...

אזוי האָבען זיך די ווייבער פון דיעזען הויז פערבראַכט די טעג, געהענדיג צום בוטשער, אין גראָסערי, קאָכען, ריידען מיט די שכנים און שרייען און שילטען ווען עס איז עפּעס אין דער ווירטשאַפט געגאַנגען ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין.

וואָס הייסט ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין? דער גרעסטער טראָבעל איז מיט די קינדער, מיט די קינדער איז אַ צרה! זיי זיינען לויפערס און מען מוז אויף זיי שרייען, מען מוז זיי מדריך זיין — און ווי קען מען דאָס אַנדערש טהאָן אויב ניט מיט שלאָגען און שרייען אויף זיי? קינדער קענען דאָך אויסוואַקסען ווילדע אַז מען זאָל אויף זיי קיין מאָהל ניט יוזען דעם סטראָפּ. אָבער די צרה מיט די אַמעריקאַנער קינדער איז וואָס זיי לאָזען זיך ניט שלאָגען, זיי דרעהען זיך ארוים און לויפען אַוועק אין סטריט און די מאַמע בלייבט ביים שרייען און שילטען.

די ערגסטע צייט פון טאָג איז דער סאַפּער צייט, ווען דער מאַן קומט פון שאַפּ אַ בייזער. ער וויל ניט ליידען אַז מען הויבט אויף דעם קול, כאָטש ווער צופּלאַצט. און גראַדע דאַמאַלס דאַרף מען מעהר שרייען אויף די קינדער ווי דעם גאַנצען טאָג. ביז 3 אזייגער זיינען זיי אין סקול און נאָכדעם אויפ'ן סטריט, אָבער סאַפּער צייט קומען זיי זיך אַלע צונויף הונגעריגע ווי וועלף: דעם גיב דאָס און יענעם נעה איין באָטענס, און דאָ צוואויינט זיך די קליינע אין מיטען דערינען וועגען איהר קאָפּ. די טיטשער האָט געשיקט אַ נאָוט אַז מען מוז איהר קאָפּ אויסוואַשען מיט קעראָסין, ווערט דער מאַן אין כעס: „וואָרום“, זאָגט ער, „טהוסטו ניט די אַלע זאַכען ביי טאָג, איידער איך קום אהיים?“ נו, רייד מיט איהם! ווי קען מען מיט אַזאַ מענשען ריידען קאַלטבלוטיג? מן הסתם צושרייט זיך די אידענע. ער פערשטעהט ניט אַז זי איז געוועזען ביזי מיט'ן קאָכען סאַפּער און זי האָט די מיידעלע ניט געקענט וואַשען דעם קאָפּ. זי וואָלט שוין וואַשען שפּעטער, ווערט אָבער דאָס קינד ניט שטיל און האַלט אין איין וויינען און טענה'ן אַז זי וויל ניט געהן פערשפּילעט די קליידעל מיט דייפּער פּינס, און אַז זי מוז האָבען באָטענס, אַז ניט געהט זי ניט אין סקוהל. זי שעמט זיך, זאָגט זי, וואָס איהר קאָפּ איז שמוציג, אַלע רופען איהר „צונעמענעם“. ווערט אַ מהומה אין שטוב און די אידענע שרייט און שילט און שלאָגט אָן די קינדער און די אָרעמע מיידעלע געהט ווידער אין סקול אָהן באָטענס און ליידעט דערפון שרעקליך. איהר קינדערשע הערצעלע קלעמט דעם גאַנצען טאָג און עס דוכט זיך איהר אַז די טיטשער האָט איהר פיינט ווייל זי איז ניט ריין און זי וואַגט קיין מאָל ניט אויפהויבען די האַנט צו ענטפערען אויף די טיטשערס אַ פראַגע וועגען לעסאָן, ווען אפילו זי ווייס ווי צו ענטפערען, און אַמאָהל ווייס זי טאַקע ניט, ווייל איהר קאָפּ איז פערנומען מיט פּלענער ווי אַזוי צו פערדיענען געלד אויף אַ נייע קלייד און ווי שנעל אויסצוּוואַקסען, צוליעב דעם, זי זאָל זיך אַליין קענען וואַשען דעם קאָפּ.

נור פון דעם וואָס עס געהט פאָר ביי די טעכטערלאַך אין די נשמות, האָבען די אידענעס פון דיעזער טענעמענט הויז קיין מאָל ניט געוואוסט, ביז עס איז געקומען דער איבערקעהרעניש, וועגען וועלכען איך וועל באַלד דערצעהלען. די ווייבער האָבען אַלע מאָל געמיינט, אַז קינדער האָבען נאָך ניט קיין נשמות, און וועגען מיעדען מאַן אין אָווענד האָט זיי אויך וועניג געקימערט. די מענער פלעגען ווערען אין כעס, פלעגען זיי זיך לייגען שלאָפען גלייך נאָכ'ן סאַפּער, דאָס איז אי בעסער פאַר איהם, אי עס איז געזינדער פאַו' דער הויז.

אָבער אויף אַלץ קומט אַ צייט.

און אָט וואָס עס איז געשעהן: אין דיעזער הויז האָט שוין פון אייניגע צייט אריינגעמופט אַ פאַמיליע, וועלכע האָט זיך געהאַלטען אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע, ד. ה. די אידענע איז עפּעס געווען אַ מאָדנע. דוכט זיך אויפ'ן קוק אַ אידישע ווייבעל, אָבער דאָך ניט ווי אַלע ווייבער פון הויז. די ערשטע זאַך איז זי אימער געווען פערקעמט און נעט אָנגעטהאָן. די צווייטע זאַך האָט זי קיין מינוט ניט פערבראַכט אין ריידען מיט די ווייבער. גוט מאָרגען, גוט יאָהר! און דאָס אַלעס. ביין בוטשער פלעגט זי זיך ניט חכמה'נען, און ווען די שכנים האָבען איהר אַמאָל געפרעגט אויב זי אינטערעסירט זיך גאָר ניט מיט די נייעס וואָס מען הערט זיך צן דאָרטען, האָט זי געענטפערט אַז זי לייענט אַ צייטונג און געפינט דאָרטען אַלע נייעס. די שכנים האָבען איהר אַ נאָמען געגעבען די „יענקי“, ווייל זי פלעגט זיך געהן אָנגעטהאָן ווי אַ טעקעלע, ווייל איהרע קינדער זיינען געווען אָנגעטהאָן ריין ווי „יענקים“ און ווייל זי איז געווען אַ שווייגעדיגע, אָבער אַ שטילע וואָס דערגראָבט טיעף. דאַכט זיך, זי קוקט גאָר ניט אויף פרעמדע מאַנסבילען, דאַכט זיך רק פאַר איהר אייגענעם מאַן, אָבער די פרוי איז ניט געווען 2 מאָנאַט אין הויז ווען אַלע מענער פון „פּראָפּעטע“ זיינען געוואָרען אריינגעהער צו איהר. ווי נאָר עס פלעגט ווערען אַ געשריי און שילטעריי אין זייערע אייגענע הייזער, איז אַנשטאַט דעם וואָס זיי זאָלען זיך לייגען ברוגז'ע שלאָפען, געהען זיי גלייך ארוים אין האָל ברוגז'ע און ראַן — גלייך צו דער „יענקי“.

---

און מען קאָן אָרדערן וועלכען מין מען וויל. עס איז אָבער ניט בעשטעטיגט געוואָרען. לעצטע וואָך איז אַ פרוי פון יאָנקערס ארוים מיט דער בעהויפּטונג אַז זי האָט דעם סוד אויסגעפונען און די מענשהייט קען זיך פאָרמולירען לויט איהר אייגענעם ווילען.

צום גליק קענען מיר זיכער האָפען אַז אויך די בעהויפּטונג פון דיעזער פרוי איז פאַלש און די נאַטור וועט ניט לאָזען איבערגעבען צו אונז אין די הענד דעם סוד פון בעשאַפען. עס וואָלט געווען דער גרעסטער אומגליק פאַר דער וועלט ווען יעדער מענש זאָל האָבען אַ דעה אין דעם געשלעכט פון זיינע צוקינפטיגע קינדער. אין אַ צייט פון עטליכע דורות וואָלטען קיין פרויען אויף דער וועלט ניט געווען, ווייל ניין און ניינציג פּראָצענט פון טאַטעס און מאַמעס וואָלטען וועלען האָבען אינגלאַך און דער פרויען געשלעכט וואָלט אויסגעלאָשען געוואָרען און צוזאַמען מיט איהם די גאַנצע מענשהייט.

קיין זאך אין דער וועלט האט ניט געקענט אפקעהרען איהר געדאנק פון איהר שמערץ. — „איך בין מיאוס, איך בין מיאוס“ — פלעגט זי נאכאנאנד ווידערהאלען. אומזיסט איז געווען, וואס וואלענטין האט איהר איבערציינגט און פערזיכערט מיט די הייליגסטע שבועות.

— לאמיר געמאך, דו זאגסט ליגען, אוים מיטלייד צו מיר. איך פערשטעה שוין יעצט אלעס, דו האסט מיר גאר קיינמאל ניט געליעבט, דו האסט נאר בלויז רחמנות אויף מיר. די אלטע בעטלערקע האט דאך גאר קיין אינטערעסע ניט געהאט מיר צו בעטריגען. עס איז שוין גאר צו אמת: איך בין טאקי מיאוס, און איך זעה ניט איין ווי אזוי דו קענסט פערטראגען מיין אויסזעהן.

אום צו איבערציינגען איהר טעות האט ער (וואלענטין) אריבערגעבראכט מענשען פון ווייט און נאהענט; יעדער מאן האט ערקלעהרט, אז דזשאסינטא איז מיט דער אבזיכט בעשאפען אום צו פערגעניגען די אויגען. אפילו די פרויען — כאטש מיט וועניגער ענטהוזיאזם — האבען אויך אזוי געזאגט. אבער דאס ארימע קינד האט זיך פעסט געהאלטען אן איהר בעשלוס, אז זי איז אן אבשטויסענדע געגענשטאנד. און ווען וואלענטין האט פון איהר געפאדערט, אז זי זאל איהם זאגען דעם טאג פון זייער חתונה

— איך דיין פרוי! — האט זי אויסגעשריען, — קיינמאל ניט! איך ליעב דיר צו טייער, אז איך זאל דיר בעלאדען מיט א וועזען, וואס איז אזוי העסליך, ווי איך בין.

איהר קענט זיך שוין אליין פארשטעלען די פערצווייפלונג פון דיעזען ארימען בחור, וואס איז געווען אזוי הערליך פערליעבט. ער איז געפאלען אויף די קניע און האט זיך ביי איהר געבעטען רחמים. זי האט אבער אלץ געענטפערט, אז זי איז צו מיאוס מיט איהם צו הייראטהען. וואס האט ער געקאנט טהאן? דער איינציגער וועג אויפצווייזען דעם ליגען פון דער אלטער בעטלערקע, און בעווייזען דעם אמת צו דזשאסינטא איז געווען — אוועקצושטעלען פאר איהר א שפיעגעל. האט זיך אבער אזא מין ארטיקעל ניט געפונען אין לאנד. די שרעק, וואס די קעניגען האט ארויסגעווארפען, איז געווען אזוי גדוים, אז קיין ארבייטער האט ניט געוואגט צו מאכען א שפיעגעל.

— אלזא, איך וועל געהן אין פאלאץ, — האט דער פערליעבטער געזאגט אין פערצווייפלונג. — ווארום, ווי הארט די קעניגען איז, וועט זי דאך מוזען געריהרט ווערען פון דזאסינטא'ס טרעהרען און שעהנקייט, זי זאל צוריקרופען — אמוועניגסטען כאטש אויף א פאר שטונדען — דעם גרויזאמען בעפעהל, וואס האט אונז בעשאפט אזוי פיעל צרות.

עס איז איהם ניט געווען אזוי לייכט איבערצורעדען די יונגע דזשאסינטא, אז זי זאל מיט איהם געהן אין פאלאץ. זי האט זיך פשוט ניט געוואלט צייגען פאר די אויגען. זי האט געענטפערט:

— וואס פיר א נוצען קען דען דער שפיעגעל פאר מיר טהון, אויב ניט אין מיר נאך טיעפער איינדריקען מיין אומגליק?

אבען זיין (וואלענטין'ס) ווייגען האט דאך געריהרט איהר הארץ, און זי האט זיך איינגעשטעלט מיט צו געהן, מחמת ער זאל זיין צופריעדען.

— וואס איז דאס אלעס! — האט די שלעכטע קעניגען געזאגט מיט כעס.

— אייער מאיעסטעט, — איהר האט דא איצט פאר אייך דעם אונגליקליכסטען ליעבהאבער, וואס געפינט זיך אויף דער ערד.

— רענקסטו, אז דאס איז א גענוגענדע אורזאך ארויף צו קומען דא מיר פלאגען?

— האט מיטלייד מיט מיר.

— וואס האב איך אבער צו טהאן מיט אייערע ליעבעס אנגעלעגענהייטען?

— אויב איהר וואלט נאר ערלויבט א שפיעגעל.

די קעניגען האט זיך א שטעל געטהאן אויף די פיס, ציטערענדיג פון צארן.

— ווער וואגט דאס דא צו רעדען צו מיר וועגען א שפיעגעל? — האט זי אויסגעשריען, קריצענדיג מיט די ציין.

— זייט, איך בעט אייך, ניט אין כעס, אייער מאיעסטעט, הערט נאר אוים מיין בקשה: דיעזע יונגע מיידעל, וועלכע איהר זעהט דא איצט פאר אייך און וואס איז אזוי פריש און שעהן, איז א קרבן פון א מאדנע אילוזיע, זי רעדט זיך איין, אז זי איז מיאוס.

— גוט, — האט די קעניגען געזאגט מיט א בייזען פערקרימען זיך, — זי האט טאקי רעכט, איך האב נאך קיינמאל ניט געזעהן א מעהר העסליכען געגענשטאנד.

פון דיעזע בייזע ווערטער איז דזשאסינטא שיער ניט אוועקגעשטארבען, ווייל אין דעם מעהר צו צווייפלען איז שוין געווען אונמעגליך, עס איז אלזא ניט אנדערש, אז זי מוז זיין מיאוס. איהרע אויגען האבען זיך פערמאכט און זי איז אוועקגעפאלען, אויף די טרעפ פון דעם טראהן, אין טויטליכען חלשות.

וואלענטין איז אבער גאר אויף אן אנדער אופן געריהרט געווארען. ער האט אויפ'ן קול אויסגעשריען, אז איהרע מאיעסטעט מוז זיין משוגע אום צו קענען זאגען אזא ליגען. ער האט שוין קיין צייט נעהאט צו זאגען מעהר. די היטער פון פאלאץ האבען איהם גלייך א נעהם געטהאן, און אויף דעם צייכען פון דער קעניגען צוגענומען פארווערטס.

דיעזער חברה־מאן האט זיך אימער געפונען לעבען דער קעניגינס טראהן, ווייל אין זיין הילפע האט מען זיך געקענט נויטיגען יעדען מאמענט.

— טהו דיין פליכט! — האט די קעניגען צו איהם א זאג געטהאן, צייגענדיג אויף דעם מאן, וואס האט איהר אזוי בעליידיגט.

פינקטליך ווען דער הינריכטער האט א הויב געטהאן זיין בלישצענדען האק, איז דזשאסינטא געקומען צו זיך און האט געעפענט איהרע אויגען.

דאן האבען צוויי געשרייען דורכגעדרונגען די לופט: איינער, א געשריי פון פרייד — ווייל אין דעם בלישצענדען שטאהל פון דער האק האט דזשאסינטא אליין געזעהן אז זי איז אזוי צויבערענד שעהן; און דער אנדערער, א געשריי פון אנגסט פון דער שלעכטער נשמה פון דער קעניגען, וואס האט געמוזט מאכען די פליטה, ניט זייענדיג אימשטאנד צו פערטראגען דאס אויסזעהן פון איהר פנים אין דעם אונפארבערייטעטען שפיעגעל.

# געזונדהייטס-פראגען

פערענטפערט פון דר. ב. ליבער, רעדאקטאר פון דער צייטשריפט „אונזער געזונד". דיזע ענטפערס אויף פראגען פון אונזערע לעזערינען זענען שפעציעל געשריבען פאר דער „פרויען וועלט". דר. ב. ליבער איז נישט פעראנטווארטליך פאר קיין שום אַנדערע מעדיצינישע אַרטיקלען. די לעזערינען זענען געבעטען זיך צו פאסען קורץ, צו שרייבען דייטליך און בלויז אויף איין זייט פון פאפיר.

13. פראגע. — ווערטהער דאקטאר ליעבער! איז פארהאנדען א מיטעל צו ווערען פעטער? איך בין א פרוי 27 יאָהר אלט, און וועג אינגאנצען 96 פונט. איך בין זעהר דאַר, אַז די קעלט אזוי גוט ווי די היץ ווירקט אויף מיר זעהר שלעכט. איך בין נישט קראנק.

האָפענטליך איהר וועט ענטפערען אין די „פרויען וועלט", פערבלייב איך,

פ. ג., ניו יאָרק.

ענטפער. — אַ מיטעל פעטער צו ווערען, דאָס הייסט אַ מעדיצין אָדער עפּים א וואונדער־מיטעל וואָס זאָל אייך מיט זיכערהייט פעט מאכען, איז נישט פאַראַן. די מעדיצינס וואָס זענען צו פערקויפען ביי די דראָגיסטען און וואָס זאָגען אייך צו אז איהר וועט פעט ווערען אָדער די וואָס ווערען אַדווערטייזט פאַר דעמזעלבען צוועק, דינגען מעהרסטענס אָדער אָהן קיין שום ווערט, אָדער זאָגאַר שעדליך. אָבער טראָצדעם קענט איהר זיכער פעטער ווערען ווען איהר וועט אַנווענדען, נישט איין מיטעל, זאָנדערן מעהרערע מיטעל וואָס קענען אייך העלפען און ווען איהר וועט גענוי פאָלגען אַלץ וואָס איך וועל אייך ראָטען. — ס'איז מעגליך אז איהר זענט פאַלשטענדיג געזונד באָטש אייער מאָגערקייט. אָבער אפּשר נישט. איהר זאָגט אַז איהר זענט געזונד, אָבער האָט איהר נישט קיין טענות? איהר דאַרפט זיך צוערשט פערזיכערען אויב דאָס איז ריכטיג. — נור לאָמיר אָננעמען אז איהר זענט געזונד. מאַכט יעדען טאָג אַ לאַנגען שפּאַציר, מאַכט יעדען טאָג אַ לויוואַרם אָדער קיהל באָד, געהט פריה שלאָפען, שלאָפט זיך גוט אויס, שלאָפט אין אַ צימער מיט גרויסע פענסטער, האלט די פענסטער תמיד אָפען; די פענסטער זאַלען ארויסגעהן אויף א גרוים פלאַץ און די זון זאָל אין זיי אריין שיינען ביי טאָג. אויב איהר אַרבייט ניט, לעגט זיך צו אויסרוהען פאַר אַ שטונדע יעדען נאָכמיטאָג. אויב איהר ארבייט יאָ אין אַ שאַפּ, דענק איך אַז איהר וועט ניט קענען אויספיהרען מיינע עצות און, אַפילו ווען יאָ, וועלען זיי ניט אַזוי גוט ווירקען. אויב מעגליך, נעמט זיך אַ וואַקיישאָן פאַר אַ יאָהר צייט פון דער ארבייט. אזוי אָפט ווי מעגליך פאָהרט אַרוים אויף דעם לאנד. — עסען קענט איהר וואָס איהר האָט ליעב מיט אויסנאהמע פון אַלץ וואָס קען שאַדען צום מאָגען; קיין געפעפערטע, געזויערטע עסענס. פון אלקאָהאָלישע געטרענקע, איז אייך ערלויבט בלויז אַביסעל ביער צום עסען, אויב איהר ווילט עס; אָבער איהר קענט זיך אויך בעגעהען אָהן דעם. איהר דאַרפט זיך ניט אָנשטאָפּען; עסט נור ווען איהר זענט הונגעריג. טרינקט א סך וואַסער צווישען די מאָלצייטען. — אַ לייכטע ארבייט מעגט איהר טאָהן 3 שטונדען טעגליך. — זייט דרויסען און נישט אין צימער, אַזוי פיעל ווי מעגליך. — געהט נישט אויף בעלער, תהונות און אזוי ווייטער. — אויב איהר זענט ניט פערהייראטעט רעגט זיך ניט אויף אומזיסט, דאָס הייסט אָהן פערקעהר, מיט מענער. אויב איהר זענט יאָ פערהייראטעט, לאָזט זיך ניט צופיעל אויפרעגען פון אייער מאן און לאָזט זיך ניט געברויכען מעהר ווי איהר פיהלט דאָס בעדירפניש. וואָס זעלטענער איהר וועט שוואַנגערען איז אויך בעסער. — מאַכט זיך קיינע זאָרגען פון קיין שום זאַך. אויב אייער לעבען צווינגט אייך צו זאָרגען, איז טאַקע שווער איהר זאָלט פעטער ווערען. — זייט גוט מיט די מענשען ארום אייך; פערציהט אַלעס שלעכטע וואָס מען טוט אייך.

14. פראגע. — ווערטהער רעדאקטאָר פון „דער פרויען וועלט" אין יוני נומער „פרויען וועלט", האָט איהר געשריבען א מיטעל צו האָר אויספאלונג מיט דעם נאָמען „באַראַניום". אלזאָ, איך האָב עס געפרעגט אין אַלע דראָג סטאָרס און איך האָב עס ניט געקענט געפינען, זיי ווייסען גאָר ניט וואָס דאָס איז. אַלזאָ שיק איך אייך אַ צוויי־סענטיגען סטעמפּ און איהר זאָלט אזוי גוט זיין און שרייבען מיר אַלע איינצעלהייטען וואו מען קריגט עס און ווי אַזוי מען קריגט עס, אויף דעם אַדרעס וואָס איך שרייב אייך. אַכטונגספאָל, אייער לעזער

מאַקס לעווית, פילאַדעלפיא.

ענטפער. — וועגען האָר־אויספאַלען זעהט די ענטפערס פון דעם יולי־נומער „פרויען וועלט".

15. פראגע. — איך בעט אייך זעהר מיר צו שרייבען אויב איהר ווייסט אַ ריכטיגען מיטעל אַרונטערצונעהמען פרעקעלס פון געזיכט וואָס מיינע אַ מיידעל האָט זייט דעם לעצטען זומער געקראָגען, און אויך גרויסע פון דער שטארקער זון: זי איז 6 יאָהר אַלט. איך בעט זעהר אַן ענטפער.

מרס. ד. מ.

ענטפער. — פאַר אַ קינד זעקס יאָהר אַלט איז עס ניט גוט אָנצואווענדען קיין שום מיטעל געגען זומער־פלעקען (אָדער ווי מען רופט זיי אויך, זומער־שפּראָסען, פרעקעלס). — פאַר אַן ערוואַקסענע פּערזאָן, זיינען פאַראַן צווייערליי מיטעל: אַ שטאַרק, שמערצהאַפט מיטעל, וואָס ענטצינדעט די הויט פאַר עטליכע טעג, אָבער וואָס פערטרייבט די פרעקעלס פאַר תמיד; איך בין דאַגעגען, ווייל עס איז צו שמערצהאַפט; אויב מען ווענדט עס אָן, מוז עס זיין אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר. דאָס צווייטע מיטעל בעשטעהט פון מעדיצינס וואָס מען געברויכט צום פנים פאַר אַ לאַנגער צייט און וועלכע פערטרייבען ביסלעכווייז די פרעקעלס; דיעזע קומען אָבער דאַן צוריק, אַזוי אַז מען מוז די מעדיצינס שטענדיג געברויכען. יעדענפאַלס קען מען אַזעלכע מעדיצינס ניט תמיד פערשרייבען ווען מען זעהט ניט די פערזאָן פאַר וועמען זיי זיינען, ווייל עס זענען פאַראַן שוואַכערע און שטאַרקערע מעדיצינס פאַר דעם צוועק. אַ מיטעל וואָס מען קען געברויכען אָהן אַ דאָקטאָר און וועלכעס ווירקט אויך גוט אין מאַנכע פעלע איז די „טינקשור אָף גרין סאָפּ", וועלכע מען קען אָנשמירען אויף דער הויט איידער מען געהט שלאָפען און אָוועקוואַשען אין דער פריה; ווען די הויט הויבט זיך אָן צו שיילען אָדער ווען זי טוט אַביסעל וועה, שמירט מען ניט עטליכע טעג און מען וואַשט זיך גוט; ווען די הויט איז ווידער געהיילט, שמירט מען ווייטער.

16. פראגע. — וואָס טוט מען געגען שמערצען אין דער צייט פון דער רעגעל?

ענטפער. — פאַר אַלעמען דאַרף מען זיך איבערצייגען אויב ס'איז צו פערדאַנקען אַ קראַנקהייט אָדער אַן אוננאָרמאַלען צושטאַנד. — אויב נישט, דאַרף מען זעהען וואָס וועניגער זיך אויפצורעגען געשלעכטליך, צו לעבען היגיעניש. אין דער צייט פון דער רעגעל, ליגען פאָלקאָמען רוהיג און אונבעוועגליך אין בעט; מאַנכמאָל קען אַ וואַרמער קאָמפּרעס גוט ווירקען, אָבער מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג; ער קען אויך שאַדען. — דאָס טאַנצען אין איינעם מיט די אויפרעגונגען אין די זאָגענאַנטע „טאַנץ־שולען" זיינען אָפט שולדיג אין דעם וועהטאָג; פערמיידעט זיי. — אָפטמאָל איז חתונה־האָבען די בעסטע רפואה דערצו.

17. פראגע. — מוז מען געבען קאַסטאָר אויל אַ נייגעבוירען בייבי?

ענטפער. — ניין; עס איז זאָגאָר שעדליך.

18. פראגע. — וויפיעל צייט נאָך דער ענטבינדונג, מעג אַ פרוי האָבען פערקעהר מיט איהר מאַן?

ענטפער. — אויב אַלעס איז אין אָרדנונג, אונגעפעהר זעקס וואָכען נאָך דער ענטבינדונג.

---

דיעזע טענעמענט הויז איז יעצט נעבענשט. אין 3 מאָנאַט צייט האָט די „יענקי" אַזוי אויסגעמושטירט די ווייבער אַז זייערע הייזער זיינען ריין, די זאַכען האָבען היינגערס און באַטענס. די קינדערשע קעפּ דאַרפען ניט קיין קעראָסין, די ווייבער אַליין זיינען אויך אויסגעצוואָגען און פערקאַמט. די קינדער זיינען קיין לויפערס מעהר ניט, ווייל מען שלאָגט זיי יעצט ניט. די מענער זיינען פערליעבט אין זייערע אייגענע ווייבער, און יענע קליינע מיידעלע, וואָס איז געוועזען אַזוי אונגליקליך, לויפט יעצט ארום מיט באַטענס אין איהר קליידעל, צוויי שעהנע ריבאַנס אין די האָר, און האָט ניט לאַנג געסקיפּט אַ קלאַס.

---

## פאַרגעסט ניט

צו זאָגען אייער ניוס־דיעלער (פּייפּער מאַן) ער זאָל אייך ברענגען דעם נעקסטען נומער „די פרויען וועלט"

# הויזווירטשאַפט

וואַרפט ניט אוועק די אויסגעדריקטע לעמאָנס, זיי קומען גוט צו נוטץ אויף ריי־ניגען ברעס־גורס און דישעס. שיט ארויף אביסעלע „ווהייטינג“ אויף דעם ארטיקעל וואָס איהר געהט רייניגען, און געברויכט דעם אויסגעדריקטען לעמאָן אלס א ספּאָנדזש. איהר וועט זיך אליין וואונ־דערן ווי שנעל און ווי לייכט עס רייניגט זיך אויף דיעזען אופן. ברעס געקלינט מיט לעמאָן און ווהייטינג ווערדט שעהנער און דער גלאנץ האלט זיך לענגער ווי פון געוועהנליכען פּאליש.

---

ווען איהר שווענקט פלאנעלס און וואולענס, איז דאָס בעסטע צו געברויכען ווארם וואסער מיט א ביסעלע זייף. ריינע ווארם וואסער הארטעוועט זיי צו פיעל.

---

ווען איהר הענגט ארויס קוירטענס צום טריקענען, זאָלט איהר זיי הענגען אין צווייען (צוויי סטאָלקעס). ערשטענס האָלט עס זיי גלייך און צווייטענס פער־היט עס זיי מעהר פון רייסען זיך.

---

אום צו פערהיטען צין פון שימלען איז דאָס בעסטע צו האלטען עס נעבען היטץ פאר א קורצער צייט גלייך נאָכדעם ווי מען וואשט עס אויס.

---

סוויט אויל וועט ארויסנעהמען פינגער צייכענס פון געוואַרנישטע פּאָרניטשור. אויף געוועקסטע אָדער געאוילטע פּאָרניט־שור וועט קעראָסין געבען בעסערע רעזול־טאַטען.

---

ווייסע ענאמעלדע פּאָרניטשור קען גע־קלינט ווערען מיט בייקינג סאָדאָ. נעהמט אן עס־לעפעל בייקינג סאָדאָ, צולאָזט עס אין א פיינט ווארם וואסער, ווייקט אין דעם איין א ווייך טיכעל און וואשט דער־מיט די פּאָרניטשור.

---

זעהר א גוטער וועג ווי צו קלינען מע־סער ניט איינגעצענדיג די הענטלאך אין וואסער איז ווי פאָלגט: האָט אימער בײ'ן האנד א קרינגעל מיט סאָדאָ וואסער, און אזוי שנעל ווי מעגליך ווי די מעסער זיינען געברויכט געוואָרען, שטעקט אריין דעם שארף אין די סאָדאָ וואסער לאָזענדיג די הענטלאך פון דרויסען. דאָס רייניגט און נעהמט ארויס פלעקען אין שימעל.

---

ווען איהר וואשט לינען גיעט צו א טהע־לעפעלע זאלץ און א טהע לעפעלע זעהר דין־צובראָקטען זייף אויף יעדען פיינט סטארטש בעפאָר איהר לעגט אריין די לינען. דאָס מאכט די לינען גלאזירט און עס קוקט אויס פיעל שעהנער.

---

ריכטיגע לעיס איז ניט גוט צו וואשען. דאָס וואשען ווירקט זעהר שלעכט אויף די לעיס און גאנץ אָפט רואינירט עס אין גאנצען. ריכטיגע לעיס קען געקלינט ווע־רען אויפ'ן פאָלגענדען שטייגער: נעהמט טישו פאפיער בעשיט עס מיט „פּאָודערד מאגנעזיע“, לעגט די לעיס בעדעקט פון ביידע זייטען מיט דיעזע טישו פאפיער, און האלט עס צווישען די בלעטער פון א בוך, צוגעדריקט שטייף מיט א שווערע גע־וויכט, עטליכע טעג נאָכאנאנד (3 אָדער 4 טעג). ווען איהר וועט עס נאכהער ארויס־נעהמען און אָפּטרעסלען די פּאָודער וועט די לעיס זיין פּאָלקאָם ריין און וועט אויס־זעהן ווי נייא.

---

אין דעם לעצטען וואסער וואו איהר שווענקט אייער וועש שיט אריין א טהע לעפעל באָראַקס און די וועש וועט ארויס־קומען זעהר ווייס. צושטויסט גוט דעם באָראַקס, אום ער זאָל לייכט צוגעהן אין'ם וואסער.

---

דער איינפאכסטער וועג ווי אזוי אראָפּ־צונעהמען פלעקען פון פערשמאָלצענע ליכט פון א קארפּעט אָדער א געוואנד, איז אוועקצולעגען א דיקע ראַפּינג פאפיער איבער'ן פערשמאָלצענעם פלאטץ און פרע־סען עס שטארק מיט א הייסען אייזען.

---

זעהר א שמוציגע וואנע קאָן גערייניגט ווערען מיט גרויס ערפאָלג מיט אן איינ־פאכער שמאטע און אביסעל קעראָסין.

---

ריינע זודיגע וואסער וועט ארויסנעה־מען טהע פלעקען. גיעסט די וואסער דורך דעם פערפלעקטען פלאטץ און ער וועט באלד ווערען ווי נייא.

---

וויין פלעקען פון טישטיכער אָדער נעפּקינס קענען ארויסגענומען ווערען דורך קאָכיגע מילך. דעם פערפלעקטען פלאטץ וועט איהר האלטען אין קאָכיגע מילך אויפ'ן פייער ביז דער פלעק ווערט פער־שוואונדען.

---

האָר בערשטלאך דארפען ניט גערייני־גט ווערען מיט הייסע וואסער און זייף, ווייל דאָס מאכט ווייך דעם בארשט. גע־ברויכט סאָדאָ צוגעגאנגען אין קאלטע וואַ־סער און די סאָדא וועט שוין ארויסנעהמען די פעטקייט און דעם שמוטץ. טריקענט עס ניט אויפ'ן זונן אָדער ביי פייער, שטעלט עס אויפ'ן הענטעל אין שאטטען צום טריקענען.

---



# די פאסט

רעדאקטירט פון לינא פערלמוט.



ליידעט אויך פון קארטען שפיעל.

טהייערע מיס לינא פערלמוטה:

איך האב געלעזען אין „פרויען וועלט" דעם בריעף פון „די אונגליקליכע פרוי", וועלכע בעקלאגט זיך אויף איהר לאגע, דאס איהר מאן, אלס אן ארעמער ארבייטער, ערלויבט זיך צו שפיעלען אין קארטען און פארנאכלעסיגט זיין פאמיליע, פון וועלכעס זיי ליידען זעהר פיעל.

איער ענטפער צו די אונגליקליכע פרוי איז זעהר פראקטיש און בעלעהרענד; די מעהרסטע פרויען פון די "ארעמע קלאסע, זיינען אין פיעלע הינזיכטען אויך אביסעל שולדיג, ווען זייערע מענער ווילען ניט זיצען אין הויז; זיי זיינען צופיעל נאכלעסיג אין זייער קליידען זיך, און אין האלטען זייער הויז אין גוטען ארדנונג. אבער, וואס וועט איהר זאגען, אויף מיין טרויעריגע לאגע, וואו די אלע אורזאכען, וועלכע זיינען דא ביין ארעמען ארבייטער פאמיליע, זיינען ביי מיר ניטא, און דאך לייד איך אויך פון די זעלבע פלאגע, מיין מאן שפיעלט אויך אין קארטען.

אמת, איך מיט מיין פאמיליע ליידען ניט קיין הונגער, עס פעהלט אונז ניט פון אלעם בעסטען, אבער עס פעהלט מיר דער פאטער פון דער פאמיליע. מיר געפינען זיך מאנכע מאל אזוי עלענד ווי יענע אונגליקליכע פיינטער פרוי.

איך וועל אייך פארשטעלען אביסעל מיין לאגע און מיין הויז, און איהר וועט זעהן, אז קיין אורזאכע איז דא פאראן, דאס מיין מאן זאל אימער אוועקגעהן פון הויז, צו פערברענגען אין אנדערע פלעצער, און אם מעהרסטען אין קארטען שפיעלען.

מיין מאן איז א מאנופעקטשורער, מיר זיינען זעהר פערמעגליך; מיר וואהנען אין אן אייגען הויז פון 12 רומס מיט אלע בעקוועהמליכקייטען און פערגעניגענס.

ווען מיין מאן קומט צו סאפער, קען ער מיר ניט טרעפען פארשמירט, ווייל מיר האלטען א דיענסט, וועלכע טהוט אלע שווערע און פראסטע ארבייט.

אויסער וואס איך בין א שעהנע, (אזוי זאגט מען אויף מיר.) האלט איך זיך זעהר נעט, בין אימער געזונד, מיין געזעלשאפט דארף איהם ניט לאנגווייליען, — איך וויל ניט זאגען, דאס איך בין העכסט געבילדעט, מיין מאן איז אבער אויך ניט פיעל געבילדעט, ער איז אן אויפגעקומענער נגיד, און ער האט זיך ניט צו שעהמען מיט מיר, און אויך ניט מיט אונזערע קינדער, וועלכע לערנען זיך זעהר גוט אין סקוהל, און אין דער היים אידיש און מוזיק, דאס עס וואלט איהם פיעלע מאל פערגעניגען פערשאפען צו פערברענגען אביסעל אין זייער געזעלשאפט, און דאך געפינט ער זיך קיין מאל אין הויז, ווי ער עסט נור אב סאפער, געהט ער גלייך אוועק, אזוי טהוט ער יעדען אבענד.

די ערשטע יאהרען פלעגט ער מיר נארען, ער פלעגט מיר אימער זאגען, דאס ער געהט צו א מיטינג, אדער וועגען וויכטיגע ביזנעס, און איך האב קיין רעכט צו פערהאלטען איהם אין דער היים, בלויז פון מיין פערגעניגען וועגען.

איך האב זיך אימער פערהאלטען רוהיג ביי אזעלכע פעלע, מיין מאנס ווארט איז ביי מיר געוועזען הייליג, איך בין קיינמאל ניט געוועזען דארגעגען, איך האב דאס אנגענומען, ווי מען זאגט, מיט ליעבשאפט, וואהרשיינליך, דארף דאס אזוי זיין. אבער זינט איך האב אויסגעפונען, דאס ער געהט נור אוועק שפיעלען אין קארטען, קריינקט דאס מיך אזוי פיעל, דאס איך קען זיך מאנכעס מאל ניט קאנטראלירען. און מאך איהם פארווירפע, און ער לאכט פון מיר, ווארום איך נעהם זיך צום הארצען פון אזא נארישקייט און ער טהוט זיינס, ער שפיעלט אין קארטען יעדען אבענד. — אויב ער שפיעלט ניט אין א פראסטען סאלון, וואו ארעמע פיינטערס און בעקערס שפיעלען, שפיעלט ער אין די שעהנערע סאלונס אדער רעסטאראנטס. איך וויל אייך נאך אמאל זאגען, דאס צו אונזער מאטעריאלישע לאגע ארט עס מיר ניט, אויף קיין לעבען פעהלט אונז ניט. — אבער די קינדער זיינען אזוי אויפפאלענד, דאס איך קען מיט זיי וועגען דעם ניט רעדען. איך קען זיך מיט מיין מאן ניט קריגען צוליעב די קינדער, און זיי פיהלען, די ארעמע קינדער, ווי איך לייד און שווייג, און מיין ליידען איז מאנכעס מאל שטארקער, ווי פון די ארעמע ארבייטער פרוי, טראץ מיין רייכטהום און גוטען לעבען.

קענט איהר געפינען א ראטה צו דיזען איבעל? פיעלע, פיעלע פרויען וועלען אייך דאנקען און בענשען, און צווישען זיי אויך איער

אונגליקליכע שוועסטער.

מיין ענטפער וועט זיין דיזען מאל קורץ, ווייל קיין אבסאלום מיטעל, ווי אויסצוקורירען דיזען איבעל, האט מען נאך ניט אויסגעפינען; יעדע פרוי, וואס איהר מאן שפיעלט אין קארטען איז אונגליקליך אויף אן אנדער ארט.

אין דיעזען פאל, וואלט געוועזען מעהר ראטהזאם, צו ארויסווייזען אייער מאן פיעל פעראכטונג, פיר זיין אויפפיהרונג. זאל ער פיהלען, דאס איהר קימערט זיך ניט וואס ער געהט אוועק פון הויז, צייגט איהם דאס איהר פיהלט זיך העכסט גליקליך פערברענגענדיג אין הויז מיט אייערע קינדער, און ער איז גאר ניט ווערטה צו האבען אזא פערגעניגען.

איהר זאלט אבער פאר קיין פאל ניט צולאזען, ער זאל אנפאנגען — אייך צוליעב — שפיעלען אין קארטען אין הויז.

לאזט אויך ניט צו, דאס אייערע קינדער זאלען שפיעלען אין קארטען צווישען זיך, צוליעב אמוזירען זיך.

צייגט אייער מאן, דאס איהר שטעהט פיעל העכער און ערהאבענער פאר איהם, דאמיט וואס איהר שפיעלט ניט אין קארטען, וועהרענד ער פערברענגט זיינע בעסטע אבענדען פון זיין לעבען מיט אזא שמוציגען פערגעניגען, ווענדעט אן דיעזע סארטען מיטלען, מעגליך דאס וועט אויף איהם לאנגזאם ווירקען.

איך וויל דא אויך מאכען אויפמערקזאם מיינע שוועסטערין, די לעזערינס פון די „פרויען וועלט". צו קורירען א קראנקהייט איז פיעל לייכטער, ווען זי איז נאך אין די ערשטע פארמען:

ווי נור איהר באמערקט, דאס אייער מאן פאנגט אן צו שפיעלען אין קארטען, דאן זאלט איהר גלייך

# קאָכען און באַקען

## וועגעטארישער מאהלצייט

### וועדזשעטייבל פיש.

וואשט גוט אוים צוויי אונצעס שוואָמען, גיסט אויף זיי ארויף קאָכעדיגע וואַסער און לאָזט ווייקען 15 מינוט. דאַן גיסט אָפּ די וואַסער, טהוט אריין א גרויסע ציבעלע און צוהאקט עס גוט. נעהמט צוויי אונצעס געשיילטע וועלישע ניס, צו־שטויסט; (אָדער צומאָהלט) טהוט אריין אביסעל זאלץ, פעפער, דריי ענס, א פערטעל פונט מצה מעהל, אביסעל אויל, האקט עס אלעס צוזאמען אין א געדיכטע מאסע.

נעהמט א ראָנדעל, גיסט אריין אומגע־פעהר א קוואָרט וואַסער, צושנייט אויף סלייסעס, צוויי ציבעלעס, צוויי מעהרען, איין פּאָטייטא, אביסעל זאלץ און פעפער. לאָזט קאָכען אומגעפעהר פינף מינוט, דאַן פאָרמירט שטיקלאך פיש, לעגט זיי אריין אין דעם ראָנדעל געקאָכטע וואסער, לאָזט עס קאָכען ביי א זעהר קליינעם פייער פאר א שטונדע מיט פערציג מינוט. איהר זאָלט גאָרניט מישען.

### מעהרען קאָטלעט.

שאָבט אָפּ א פונט מעהרען און שטעלט צו קאָכען פאר צוואַנציג מינוט, דאַן צו־האקט זיי גוט. נעהמט א שטיקעל פּאַס־טערנאק (פארסניפּ), א שטיקעל פּעטריש־קע (פארסלי), א גרויסע ציבעלע, צורייבט עס גוט אויף א ריב אייזען, טהוט עס אריין צוזאמען מיט די מעהרען. פערפרעגעלט א ציבעלע אין אויל, טהוט עס אויך אריין. שלאָגט אויך אריין צוויי ענס, אביסעל זאלץ, א פערטעל פונט מצה מעהל (ווען נויטיג עטוואָס מעהר) האקט עס אלעס צו־זאמען אין איין מאסע און מאכט דערפון קאָטלעטען. פרעגעלט אין אויל אָדער פו־טער.

### באָקווהיט (רעטשענע קאשע) סופּ.

נעהמט א פערטעל פונט ליימע בינס (גרויסע בעבלאך) מיט איין אונץ שוואָמען וואשט זיי גוט אוים און שטעלט צו קאָכען אין צוויי קוואָרט וואסער. פערפרעגעלט א ציבעלע אין אויל, טהוט עס אריין אין דער סופּ. שנייט אריין א מעהר (אויף קליינע שטיקלאך) אביסעל זופּ־גרינס, און לאָזט קאָכען ביז עס ווערט פארטיג. דאַן טהוט אריין א פערטעל פונט ברוינע רעט־שענע קאשע מיטעלע) אביסעל זאלץ, לאָזט קאָכען פאר צוואָנציג מינוט. ווען נויטיג גיסט צו אביסעל וואסער.

### מאַקאראָני פודינג.

פארקאָכט דריי פערטעל פונט ברייטע לאָקשען, זייט אָפּ די וואַסער, שלאָגט אריין צוויי ענס און אביסעל ראָזינקעס. צו־רייבט א שטיקעל שאָלעכץ פון א לעמאָן אויף א ריבאייזען, אביסעל זאלץ, האלבע גלאָז צוקער; שעלט אָפּ אן עפּעל, צו־שנייט אויף שטיקלאך; אביסעל צימרונג, אביסעל אויל, מישט עס אלעס צוזאמען. נעהמט א פודינג בלעך, גיסט אריין אבי־סעל אויל און לאָזט זיך עס דערהיצען אויפ'ן פייער. דאַן טהוט אריין דעם פו־דינג אין בלעך, שטעלט אריין אין א הייסען אויווען און לאָזט עס באקען ביז עס ווערט ברוין.

חיה ה. ליטאָוער.



פערשפּרייט דיא „פרויען וועלט" צווישען אייערע פריינד.



אָנפאנגען צו „פויטען", לאָזט זיך ניט איינריידען, דאָס ער שפּיעלט אָהן געלד, אָדער ער וועט פערברענ־גען אביסעל און ער קומט גלייך אהיים.

יעדע פרוי זאָל קעמפּפען, דאָס איהר מאן אָדער זוהן זאָל ניט שפּיעלען אין קאָרטען, דאן וועט פּי־לייכט דיזע מכה, דיזע עקעלהאפטע שפּיעל פערטריבען ווערען פון אי־דישען קוואַרטאל.

לינא.


### אגענטען פערלאנגט.

מיר פערלאנגען אגענטען איבערן גאנצען לאנד, צו אננעהמען סובסקריי־בערס פיר'ן „פרויעןוועלט". פעהיגע מענער אדער פרויען קענען אז אנשטענ־דיגען לעבען מאכען.

שרייבט פיר קאנדישאָנס.

סובסקריפּשאָן פרייז:
יעהרליך — 50 סענט; האלב יעהרליך — 25 סענט.

The Jewish Ladies' Home Journal,
129 Lafayette Street,
New York, N. Y.

# ווי אויסצוזעהען שעהן און יונג

ווען איהר שטעהט אויף אין דער פריה, געהט גלייך צום פענסטער, וועלכער זאָל זיין אָפען א גאנצע נאכט, און אָטהעמט טיעף אין אייערע לונגען ביז 20 מאָל.

מאכט פערשיעדענע עקסערסייזעס פאר 5 מינוטען.

נעהמט יעדען פריה מאָרגען א ווארע־מען אָדער קאלטען ספּאָנדזש־באר ; אויב איהר קענט ניט ליידען גאָר א קאלטען ספּאָנדזש, מאכט עס מיט לעבליכע וואַ־סער.

געהט זיך דורך אביסעל אויף די פריי־שע לופט און 20 מינוטען פאר אייער ברעקפעסט, טרינקט אוים 2 גלאָז הייסע וואסער, נאכהער עסט א לייכטען ברעק־פעסט, קיינע פלייש.

געהט זיך דורך ביי א מייל אָדער מעהר. ווען איהר געהט האלט די קאָפּ און אייער פיגור גלייך און געהט לעבעדיג.

נאכהער ארבייט.

20 מינוטען פאר דינער, טרינקט 2 גלאָז הייסע וואסער.

נאָכ'ן עסען רוהט א האלבע שטונדע.

נאכהער ארבייט.

פארנאכט שאדט אויך ניט צו נעהמען א שפּאציער פאר א שטונדע אויב איהר פיהלט אזוי צו טאָהן.

20 מינוטען פאר סאַפּער, טרינקט 2 גלאָז הייסע וואסער.

נאָכ'ן סאַפּער רוהט אָדער פארברענגט אביסעל. 20 מינוטען בעפאָר איהר געהט שלאָפען טרינקט 2 גלאָז הייסע וואסער.

שלאָפט 9 אָדער 10 שטונדען.

אויב איהר ווערט צו שנעל פעט, און איהר ווילט עס נאטירליך ניט ליידען, זייַ־נען דאָ איינינע מיטלען ווי צו פארקלענע־רען די איבריגע וואָג :

עסט ניט קיין פלייש מעהר ווי איין מאָל א טאָג ;

עסט ניט קיינע קראָכמאַלנע (סטארטש) שפּייזען ; עסט ניט פיעל פּאטייטאס, ברויט און זיסע זאכען ; די הויפּט שפּיי־זען אייערע זאָלען זיין : פרוכט און ווער־זשעטייבעלס.

די פרוי וועלכע איז ש ו י ן צו פעט, זאָל ניט שלאָפען מעהר ווי 7 שטונדען ; ניט ליעגען שפּעט אין פריה־מאָרגען אין בעט און ניט פארברענגען צופיעל אין ראַ־קינג טשער.

דאגעגען זאָל זי מאכען פיעל עקסער־ציזעס יעדען טאָג ; די בעסטע זאך איז ארומגעהן.

געהן יעדען טאָג א שטונדע אין דער זעלבער צייט, וועט עס זיין דער בעסטער מיטעל צו פארקלענערען די איבריגע פעט־קייט, און ווען מען געוואָהנט זיך איין צום „געהן", זאָל זי זיך איינטרייען צו געהן ביז 5 מייל א טאָג.

## ריינליכקייט איז געזונדהייט

פערנאכלעסיגט ניט די ריינליכקייט פון אייערע קינדער ; רייניגען די צייהן, אָבשניידען די נעגעל, האלטען אין אָרד־נונג די האָר מיט'ן געזיכט, דארף מען איינ־געוואָהנען די קינדער פון די פריהעסטע יוגענד.

עס איז אן אלטעגליכע ערשיינונג, דאס קליינע קינדער לאָזען זיך ניט ארומוואַ־שען, לאָזען ניט די האָר אויסקאמען, אָבער ווען מען געוואָהנט זיי איין אייניגע מאָל א טאָג דאָס צו טאָן, און זיי זאָלען דאָס אליין טאָן, דאן ווערט עס ביי זיי א געוואָהנ־הייט, א נאטור זאך, און זיי טהוען דאָס שוין פרייוויליג.

עס איז זעהר געזונד, דאָס יעדעס קינד זאָל האָבען א בעזונדערע צייהן בערשטעל און א בעזונדערען־האנדטוך צו אבווישען דאס געזיכט.

ווי נור א קינד ווערט געבאָרען, דארף עס שוין האָבען „טאָילעט ארטיקעלס", און די געזינדסטע זאך איז, צו האָבען בע־זונדערע פאר יעדען קינד, און דאָס גלייכען פאָר די גרויסע.

